# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף". רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך: אסטרייך-אונגארען — .5 פלארין, האלביאהריג 2.60 ״ פירטעליאהריג 1.35 ״ דייטשלאנד 8.50 מארק, ארץ ישראל — .10 פראנק, אנדערע לענדער — .12 ״ אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען): פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד: גאנץ יאהרליך 4 רוביל. מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען: ביים אבאנירען — 2 רוביל דען 1טען מאי — 1 ״ דען 1טען סענטיאבער 1 ״ יעדער איינציגער נומער קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

נומער 14. ווין — קראקויא, אב תרנ״ט — יולי 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## אינהאלט:




### צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Dietelsgasse 105.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין ווין:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf" Berlin, zu Händen Dr. H. Malter, Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

# פרוטוקול סטינוגרפי

(השלם)

## מהמו"מ בהקונגרס הציוני השני

## בעיר באזעל

## י — יב אלול תרנ"ח.

הפרוטוקול הזה הוא העתקה שלמה ומדויקת מהפרוטוקול האו־פיציאלי של הקונגרס השני, ובאו בו כל דברי המו"מ, הוכוחים, ההצעות והמנאמים של חברי הקונגרס, לא יחסר דבר. הפרוטוקול הזה יש לו ערך גדול וקים, וכל איש הרוצה לדעת את דברי המו"מ של הקונגרס ופעולותיו ידיעה שלמה וברורה ימצא מבוקשו רק בהספר הזה, כי כל הידיעות שבאו עד הנה ע"ד הקונגרס במכ"ע ובמחברות מיוחדות הן מקוטעות ונעדרות השלמות. מפני סבות שאינן תלויות בנו נתעכב צאת הפרוטוקול, אבל מלבד שספר רב הערך כזה אינו תלוי בזמן נכבד הוא עתה ביותר בהגיע תור הקונגרס השלישי, כי בהגלות לפני הקוראים כל החלטות הקונגרס ודרך התפתחותן ע"פ מהלך המו"מ וההשקפות השונות של הדיליגטים — ולא רק בתור מסקנות יבשות — ידעו לשפוט נכוחה ולכלכל מעשיהם לעתיד בתור חברי האגודות הציוניות או בהתעתדם להשתתף בהקונגרס השלישי.

הספר מחזיק 238 עמודים (יותר מן 15 באגען) ורובו נדפס באותיות פטיט שהוא מועט המחזיק את המרובה, וכדי שיהיה מצוי ביד כל אדם ויוכלו לקרות בו מיד ימכר מכורך הדר במחיר מועט והוא:

**60 קאפ׳ ועם פארטא 70 קאפ׳**

למו"ס ולאגודות ציוניות ראבאט הגון!

דורשי הספר יפנו אל

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

פערלאג „עזרא" ברדיטשוב.

## קאטאלאג

1-2) משיח'ס צייטען, ראמאן, צוויי העפטע. — שלום עליכם.
3) ביז וואנען וועלען יודען זיין אין גלות? — פלי.
4) פראפעססאר שפירא — וויערניקאווסקי.
5) מאקס נארדויס רעדע — מקל.
6) וואס מיר זענען און וואס וועט פון אונז ווערען? — ראבניצקי.
7) רבינו שמואל מאהליבער — מקל.
8) דער 2 טער ציוניסטען-קאנגרעס — מקל.
9-10) יודישע קינדער, 2 העפטע. — א. אביון.
11-12) יודיש בלוט אויף א רפואה, 2 העפטע. — פלי.
13) די יודישע באנק — מקל.
14-15) שלש סעודות צייט, 2 העפטע. — וויערניקאווסקי.
16) על הנסים, א רעדע אויף פורים — פלי.
17) רבנו שלמה לוריא — ש. א. הארארעצקי.
18-19) בלאטלעך געשיכטע — ד"ר נ. נ. בירנבוים:
I דער צווייטער חורבן.
II בר כוכבא.
20) דון יוסף נשיא, היסטארישעס — יוסף קלויזנער.

פרייז פיר יעדעס העפט 8 קאפ. — גרויסער ראבאט.

אדריסה:

Издат. „Эздра" Бердичевъ.

מען קען אויך בעקומען אלע העפטען פון פערלאג „עזרא" ביי פערלאג „אחיאסף" אין ווארשא.

---

# ממזרח וממערב

## מאסף לחכמה ולספרות. העירך: ר. בריינין.

## כרך ד׳.

כולל מאמרים, ספורים ושירים רבי הערך מאת בריינין, הרב צדוק הכהן, ד"ר ה. מאלטער, ד"ר שריינער, פרופ׳ שטיינשניידער, ד"ר ש. מאנדעלקערן, ד"ר נ. בירנבוים, ד"ר ד. ניימארק, ד"ר פארב־שטיין, ח. ד. הורוויץ, ד"ר מ. בערדיצעווסקי וכו׳.

מחירו 1 רו"כ עם פארטא.

Verlag ACHIASAF, Warschau.

---

אל חותמי מכ"ע

# „השלח"!

יצאה לאור ונשלחה לכל החותמים חוברת יוני שהיא האחרונה לכרך ה׳ והננו מזכירים את חותמינו ומבקשים כי ימהרו לחדש זמן התימתם למען לא יהיה עכוב במשלוח החוברות הבאות.

במשך השנים אשר יצא מכ"ע **השלח** יצא לו שם ויקנה לו לבות טובי הקוראים במאמריו המדעיים והפובליציסתיים, בספוריו, שיריו ופיליטוניו המשובחים, עד כי לשפת יתר יחשב לספר ערכו וטובו לפני הקוראים. **השלח** לא ישא פנים לאיש או למפלגה, כי יודע הוא ומכיר את חובתו להכלל ולקהל קוראיו, ורק נוכח האמת דרכו. **השלח** נדפס במספר מצומצם. כרך ג׳ כבר אפס ואיננו ומשאר הכרכים נשארו אך מעט עקו.

מחירו: לשנה 6 רו"כ, ולחצי שנה 3 רו"כ.

כרך א׳ ב׳ ד׳ ה׳ נמצאים ג"כ מכורכים הדר ומחיר כל כרך 3.40 ר׳ עם פארטא. הכריכה לבד 25 ק׳ ועם פארטא 30 ק.

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

# הוצאת אחיאסף.

## דרך לעבור גולים

מאת משה ליב ליליענבלום.

הספר הזה יספר לנו בדברים נאמנים ומושכים את הלב את תולדות ישוב ארץ ישראל עד התיסדות חברת התמיכה, אופני התפתחות המושבות בא"י, אספות הו"צ ופעולות הרבנים בענין השמיטה וכו׳ ויכלכל חומר רב הערך לתולדות הישוב וראשי הו"צ כמו הג׳ רש"מ, הד"ר פינסקר וכו׳.

מחירו 75 קאפ. ועם פארטא 83 קאפ.

---

## ר׳ יהודה אלחריזי תחכמוני

נערך ע"פ כת"י ומהדורות שונות

ע"י ד"ר א. קאמינקא.

יצאה עתה לאור **המחברת האחרונה** (אשר נתעכב צאתה מסבות שונות) והיא כוללת שירים נוספים, שינויי נוסחאות ותקונים, תולדות חיי ר"י אלחריזי ומבוא לס׳ תחכמוני כתובים ברחבה ע"פ מקורים חדשים ונאמנים, עד כי נוכל לקרוא עתה באמת את הספר הזה בשם **תחכמוני השלם**.

מחיר המחברת האחרונה 40 קאפ׳ ועם פארטא 44 ק׳. מחיר כל הספר תחכמוני 1.38 רו"כ, וע"פ 1.54, מכורך 1.68 ר׳, וע"פ 1.84 ר׳.

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

# הוצאת י. ח. ראבניצקי:

1 **על פרשת דרכים** קובץ מאמרים מאת אחד העם — 1 רובל
2) **פרדם** אוסף ספרותי ספר שני — — 1 „
3) **פרדם** „ „ ספר שלישי — — 1 „
4) **עולם קטן** שמונה חוברות למקרא לבני הנעורים, מחיר כל אחת 10 קאפ.
5) „רבי עקיבא" חוברת מנוקדת למקרא ילדים — 10 „
6) **מורה שפת עבר** ספר־למוד חדש עם תרגומים לשפת רוסיא מאת י. ח. ראבניצקי. ספר ראשון מחירו 30 קאפ.

כתבת המו"ל: J. Ch. Rawnizky, Odessa.

כל אלה הספרים נמצאים להמכר גם אצל:

Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste 25.

I. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 14.

דער פּרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער — 1 "
יעדע איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.
ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעססען.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען — .5 פלארין.
האלביאהריג 2,60 "
פערטעליאהריג 1,35 "
דייטשלאנד 8,50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילונג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. ערשיינט 2 מאל מאנאטליך. רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 14. ווינ — קראקויא, אב תרנ"ט — יולי 1899. ערשטער יאהרגאנג.

## די חברה „ישוב ארץ־ישראל“ אין רוסלאנד.

II

„די אלטע גרעקען פלעגען פייערען איינמאל אין פיער יאהר זייערע אולימפּוס־פייערטאגע, און מיר הובבי־ציון האבען אויך איינמאל אין דריי יאהר אונזער יום־טוב, אונזער גרויסע אסיפה“ — אזוי האט געזאגט פאר'ן עולם אין דער פריהערינגער פאר דריי־יאהריגער אסיפה פון הו"צ אין אדעסא איינער א געוויסער שרייבער און א הייסער הובבי־ציון, אונזער יום־טוב! דאס איז נישט קיין פראזע גלאט געזאגט אין דער וועלט אריין: פאר די הובבי־ציון פלעגט באמת די „אספה כללית“ זיין עפּיס א בעזונדער יום־טוב, א פאלקס־פייערטאג. די דעלעגאטען וואס פלעגען זיך צונויפקומען פון פערשידענע שטעדט אין אדעסא אינאיינעם מיט די איבערגעגעבענע אדעסער הובבי־ציון האבען ווירקליך געפיהלט אז די טעג זענען גאר אנדעריש פון אנדערע טעג, זיי האבען זיך געפיהלט די גאנצע צייט פון דער אסיפה יום־טוב'דיג, בעגייסטערט.

גאר בעזאנדערס יום־טוב'דיג האבען זיך געפיהלט די הובבי־ציון גאר אויף דער ערשטער אסיפה, ווען „די חברה צו שטיצען ערדארבייטער און בעלי־מלאכות אין סוריא און פאלעסטינא“ איז נור־וואס אפיציעל בעשטעטיגט געווארען און זי האט אנגעהויבען צו לעבען אטען און פרייע פאר דער וועלט. די בעסטע הובבי־ציון האבען זיך צונויפגעקליבען קיין אדעסא פון פיעל אנדערע שטעדט, יעדען איז געוועזען פרעהליך, ליכטיג אויף דער נשמה, די ערשטע „אפּענע“ זיצונג האט ארויסגערופען ביי איינעגע טרעהרען פון פרייד, און נאכדעם איז געוועזען פיעל זיצונגען איינס נאכ'ן אנדערן, וואו מען האט געשמיעסט און בעטראכט וואס מען האט צו טהון אויף ווייטער. דער עולם האט געהאלטען רעדעס מיט היטץ, מיט פייער, יעדענס גייסט האט זיך געפיהלט „אויפגעהויבען“, עפּיס אויף א אנדער גאר העכער וועלט. געוועהנליך, די אלע גלענצענדע האפנונגען, וואס מען האט דאמאלס ארויפגעלעגט אויפ'ן נייען קאמיטעט, זענען נישט שטארק מקוים געווארען. נאר ס'איז אוועקגעגאנגען דריי יאהר, מען איז ווייטער זיך צונויפגעקומען אויף א אספה און דער עולם האט ווייטער אויפגעלעבט מיט נייע האפנונגען. אין הארצען האט מען זיך שוין געפיהלט, אמת, נישט ווי דאס ערשטע מאל, נאר נאך אלץ בעגייסטערט. און אזוי יעדע אספה כללית האט אריינגעטראגען נייע מוטה און פרישע האפנונגען אויף א שטיק צייט און האט נישט אנגעווארען דעם הארקטער פון א גרויסען פאלקס־יום־טוב פאר דער קליינער וועלט פון די אמת'ע חובבי־ציון.

איז עטוואס עהנליכעס געוועזען צו בעמערקען איצט אויך, אין דער לעצטער אספה פון די חובבי־ציון?

ליידער מוז מען זאגען אז ניין. הובבי־ציון זענען איצט אויך זיך צונויפגעפאהרען פון פערשידענע שטעדט און צוזאמען מיט די אדעסער חברים, וואס זענען געקומען אויף דער אספה, זענען געוועזען 238 מיטגליעדער, פיעל מעהר ווי אין די פריהערינגע אסיפות (אויף דער פאריגער אסיפה מיט דריי יאהר צוריק זענען געקומען נור 135); אבער מען האט זיך גאר נישט געדארפט צו שטארק איינקוקען אויף ארויסצוזעהן אז דער „יום־טוב“ האט שוין נישט דעם טעם און ריח וואס פריהער; דער עולם פיהלט זיך שוין נישט אזוי יום־טוב'דיג אויפגעלעגט, בעגייסטערט, ווי אין די פריהריגע אסיפות, נאר ס'איז שוין אינגאנצען עפּיס אפגעלאזען וואכענדיג. אלענפאלס האט דער יום־טוב אנגעווארען די גאנצע אמאליגע פאעזיע, ס'איז מעהר נישט איבערגעבליבען פון איהם א הוילע קאלטע צערעמאניע, אהן שום פייער, אהן שום גייסט. אויף דער אסיפה האבען איניגע מיטגליעדער, ווי געוועהנליך, גערעדט מעהר צי וועניגער איבער דעם חשבון פון דער חברה פאר די לעצטע דריי יאהר, איינער האט אויסגעוויזען פעהלער אויפ'ן ועד־הפועל אין יפו, אנדערע האבען פערענטפערט, און דער השבון איז אויך, ווי געוועהנליך, בעשטעטיגט געווארען. דערנאך האט מען אויסגעקליבען מיטגליעדער אין קאמיטעט אויף די נייע דריי יאהר *) — און יוצא. דער עולם האט זיך צעשעדט אהן בעזונדערע אסיפות, אהן דעבאטירען איבער וויכטיגע פראגען, אהן טראכטען און קלערען צוזאמען וואס מען האט צו טהון נייטהיגע זאכען אויף ווייטער.

און אזוי איז אפגעגאנגען איין „אספה־כללית“, וואס איז נישט אזוי אפט, סך־הכל איין מאל אין א משך פון דריי יאהר!

ווער איז אין דעם שולדיג?

אביסעל קען מען רעכענען פאר א סבה דאס וואס א געוויסע טהייל פון די הובבי־ציון, וועלכע זענען צו־געשטאנען צו דער נייער ציוניסטישער בעוועגונג, קוקען שוין אויפ'ן אדעסער קאמיטעט גאר מיט אנדערע אויגען, נישט ווי אמאל ווען זיי האבען געמיינט אז אין איהם, אין קאמיטעט, שטעקט די גאנצע יישועה פון יודען און ציון, איצט טראכטען זיי זיך: „מהיכא־תיתא, געוויס שאדט עס נישט, לאז זי, די אלטע חברה, אויך זיך נאכשלעפען, די אמת'ע ישועה דארפען מיר אבער ארויסקוקען גאר פון א אנדער, פון א נייער זייט“...

*) אין קאמיטעט זענען אויסגעקליבען געווארען: הה' גרינבערג, פריץ, בארבאש, ד"ר הימעלפארב און ראבינאוויטש (בן עמי); קאנדיראטען: ד"ר טשערניכאוו, לעווין, ליובארסקי, לעווינסקי און לאנדעסמאן; אין רעוויזיאן-קאמיסיאן: גינצבורג (אחד העם), זוסמאן, עטינגער, דיזענהאף און דער נייער אדעסער ראב ה' טשערנאווין.

נאָר נישט דאָס איז אינגאַנצען די רעכטע סבה. דער עיקר איז וואָס דער עולם איז נישט צופריעדען מיט'ן קאָמיטעט און ער קען טאַקי נישט זיין צופריעדען. אמת, מען איז נישט געוועזן אַזוי שטאַרק צופריעדען אין די פריגע יאָהרען אויך, נאָר אַז עס געהט אַוועק נאָך דריי יאָהר און נאָך דריי יאָהר און עס ווערט אַלץ נישט בעסער, אויב נישט ערגער, אַוודאי איז גאָר קיין חידוש נישט וואָס מען האָט שוין אָנגעוואָירען אינגאַנצען די אמונה און בטחון אויף ווייטער און מען קען זיך שוין נישט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל אָפּנאַרען ווי אויפצולעגען עפּיס בעזונדערע האָפנונגען אויפ'ן קאָמיטעט פון חובבי־ציון.

דער קאָמיטעט פון חובבי־ציון! דאַכט זיך, דאָס איז נישט גלאַט אַזוי אַ קאָמיטעט פון אַ געוועהנליכער אָדעסער חברה, וואָס איז נור פאַר דער שטאָדט אַליין, פאַר אַ גאַנ'ן קליינעם קרייז. די זאַך איז אַ אַלגעמיינע, פאַר'ן כלל־ישראל. די חברה האָט מיטגליעדער אין וויפיעל שטעדט אין רוסלאַנד און דאָס געלד וואָס זיי טראָגען איין ווערט בענוצט אויף צו שטוצען ערדאַרבייטער און בעלי־מלאכות אין דעם לאַנד פון אונזערע עלטערן, ניישט נור מיט דעם צוועק צו העלפען אין דער נויטה אַ געוויסע צאָהל יודישע אָרימע לייט, נאָר אויפבויען אַ רעכטען ישוב אין ארץ־ישראל, אויף וועלכען דאָס גאַנצע פאָלק זאָל קענען קוקען מיט האָפנונג און שטאָלץ. דאָס אַלעס פערגעסט אָבער גאַנ'ן אָפט דאָס רוב פון'ם אָדעסער קאָמיטעט. אַלענפאַלס קוקען זיי אויף דער זאַך נישט געגונג ערענסט ווי עס פאָדערט. די גאַנצע זאַך האָט עפּיס בעקומען אַ פּנים פון אַ „וואָהלטהעטיגעס אַנשטאַלט“, פון אַ מין חברה ווי אַלע חברות אין אַזאַ שטאָדט ווי אָדעסאַ. מען קומט זיך צונויף איינמאָל אין צוויי וואָכען, אָדער אפילו אַלע וואָך, און מע שמיעסט מעהרסטענטהייל איבער קליינינקייטען, איבער אַ ביטע פון אַ קאָלאָניסט אָדער בעל־מלאכה מע זאָל איהם שטוצען מיט אַ קליינע סוממע געלד, מע דעבאַטירט געשמאַק איבער דער פראַגע און דער סוף בלייבט מע זאָל איהם געבען די שטוצע וואָס ער בעט אָדער אָפּזאָגען, אָדער מע נעהמט זיך דינגען און מע רייסט אַראָפּ פון דער סוממע האַלב אָדער אַ דריטעל, און מע צעגעהט זיך צופריעדען מיט דער אַרבייט וואָס איז אָפּגעטהון געוואָרען, און דאָס רוב פון די מיטגליעדער פון'ם קאָמיטעט פערגעסען ווייטער אין דער חברה און האָבען ניישט אין זינען די קאָלאָניעס מיט די קאָלאָניסטען ביז — דער צווייטער זיצונג. ס'איז שוין געקומען דערצו אַז איינעגע פון די מיטגליעדער קנייטשען מיט די פּלייצעס אַז עס ווערט אַ רעדע פון געבען אַ רעכטע שטיצע דעם בית־הספר אין יפו אָדער אַנדערע שוהלען אין די קאָלאָניעס און זאָגען זיך אָפּענטליך אַרויס אַקעגען דעם, אַז ס'איז נישט נוצליך און עס געהער זיך גאָר נישט אָן מיט'ן צוועק פון דער חברה. ווער ווייסט אפילו צי דער קאָמיטעט וואָלט זיך גענומען צו דער נייער קאָלאָניע קוסטינע ווען עס זאָל זיך נישט געפונען קיין בעזונדער פאָנד לטובת־הפועלים, וואָס מען האָט געמוזט מיט איהם עפּיס טהון נאָכ'ן פערלאַנגען פון'ם רוב חובבי־ציון...

אַזוי האָט מען גענומען דעם הויכען און גרויסען ציעל פון ישוב ארץ־ישראל און איינגעקוועטשט איהם, איינגעפּרעסט אין ענגע „ד' אמות“, אַז ס'איז גאָר נישט צו דערקענען, ווייל עס הייבט גאָר ניישט אָן צו האָבען דעם פּנים וואָס עס דאַרף האָבען. היינט וואָס איז דאָ דער חידוש אַז דער עולם „פון נאָענט און פון ווייט“ איז גאָר נישט צופריעדען מיט אַזאַ אָרט טהון? וואָס איז פאַר אַ וואונדער אַז די „דעלעגאַטען“ זענען גאָר אינגאַנצען אָפּגעקיהלט געוואָרען צו דער אסיפה, אַזוי אַז איצטיגס מאָל האָבען זיי זיך אפילו נישט צונויפגעקומען ווי תמיד צו בעטראַכטען וואָס מען האָט צו טהון אויף ווייטער? אין דער אמת'ן, וואָס האָט מען זיך נאַריש צו מאַכען און זיצען און קלערען און „בעשליסען“ אַז מע דאַרף טהון אַזוי און אַזוי, אַז די אַלע „החלטות“ זאָלען בלייבען נור אויף פּאַפּיער, אַזוי ווי עס איז געבליעבען נור אויף פּאַפּיער דאָס אַלעס וואָס מען האָט בעשלאָסען אין די לאַנגע אסיפות מיט דריי יאָהר צוריק?...

און קלערען איז געוועזן היינטיגס מאָל פיעל מעהר ווי פריהער. וואו נעהמט מען געלד? פאַר דער שאלה, וואָס האָט אַ מאָל נעלעכערט דעם מח ביי יעדער מינדסטער זאַך וואָס מען האָט געוואָלט נעהמען טהון, האָט מען זיך איצט נישט אַזוי וואָס צו שרעקען. געלד, קען מען האָפען, וועט זיין, אַבי עס וועט נור זיין וו אַ ס מיט דעם צו טהון. די הכנסות פון דער חברה, ווי מיר ווייסען, זענען גרעסער געוואָרען, נאָר דאָס זעהט זיך נאָך דערווייל נישט אַזוי שטאַרק אָן. ס'איז אָבער דאָ, ברוך־השם, אויסער דעם אויך גענוג יודיש געלד, וואָס קען פערטהון ווערען אויף ארץ־ישראל. נעהמט די חשבונות פון יק"א (יודישעס קאָלאָניזאַציאָן־אַסאָסיאַציאָן) פאַר'ן לעצטען יאָהר וועט איהר זעהן אַז פּאַלעסטינאַ פערנעהמט דאָרט נישט דאָס לעצטע אָרט; די חברה יק"א האָט שוין נישט ווינציג געטהון פאַר די פּאַלעסטינישע קאָלאָניעס און מיט דער צייט, קען מען האָפען, וועט זי נאָך מעהר טהון און ארץ־ישראל וועט האָבען אַ גרויסען, אויב נישט דעם גרעסטען, חלק אין די מיליאָנען פונס באַראָן הירש ז"ל. היינט די ציוניסטישע קאָלאָניאַל־באַנק, מוז מען האָפען, וועט זיך אויך נישט נעהמען אָפּגעבען מיט ווייטע זייטיגע צוועקען און וועט זיך מעהר בעשעפטיגען, ווי עס פערלאַנגט דאָס רוב פון די ציוניסטען, מיט ישוב ארץ־ישראל אין ברייטען זינען פון די ווערטער.

אַקעגען אַזעלכע רייכע קאַפּיטאַלען — וואָס קען זיך אָנזעהן די אָרימע הכנסה פון די חברה הו"צ אין רוסלאַנד, ווי „גרויס“ זי איז אפילו אין די לעצטע פאַר יאָהר?

פון דעסטוועגען וואָלט די דאָזיגע אַלטע חברה געוועזן זעהר נוטציג בכלל פאַר דער גאַנצער זאַך, פאַר'ן גאַנצען ישוב, און אויך פאַר די נייע חברות, ווען די מיטגליעדער פון'ם קאָמיטעט אין אָדעסאַ און ועד־הפועל אין יפו זאָלען ערענסט אָפּגעבען זיך צו דער זאַך, זיי זאָלען אויסלערנען יעדע פראַגע אין ארץ־ישראל גרינדליך מיט אַלע פּרטים, זיי זאָלען בעטראַכטען יעדע זאַך פון אַלע זייטען און זאָלען אויף זיך נעהמען דאָס ערשטע אויפטהון, די א י נ י צ י אַ ט י וו אַ אין פיעל וויכטיגע זאַכען, וואו יענע שטאַרקערע חברות וועלען שוין געוויס דערנאָך מיטהעלפען מיט זייערע גרעסערע כוחות; ווען זיי זאָלען אויך אָפּגעבען זיך בעזאָנדערס מיט דער וויכטיגסטער פראַגע פון ערציהונג פון'ם יונגען דור אין ארץ־ישראל, וואָס געהט נישט אַריין אין דער פּראָגראַמע פון יענע חברות, און אָהן וועלכען דער גאַנצער ישוב ווערט אָן זיין גאַנ'ן ווערטה, — מיט איינעם וואָרט ווען דער קאָמיטעט אין אָדעסאַ און דער ועד־הפועל אין יפו זאָלען באמת זיין ראוי צו פערנעהמען דאָס פּלאַטץ וואָס זיי פערנעהמען.

איבער דעם אַלעמען איז דאָ גענוג צו קלערען און צו שמיעסען. מיר וועלען אפשר זיך נאָך אויך אומקעהרען צו דער וויכטיגער פראַגע, וו אַ ס די חברה ישוב ארץ־ישראל אין רוסלאַנד האָט צו טהון אויף ווייטער.

ר.

---

## שלמה רבי חיים'ס

(אין ליטא)

### איין אַלטע מעשה.

גערדוקט בהשתדלות

מענדעלי מוכר־ספרים.

9.

שלמה'לען געהט למזל דאָס עלפטע יאָהר. די תורה פאַר איהם ביי ליפּא־ראובן'ס לאָזט זיך אויס און ער געהט איבער אויף דעם טאַטענס הענד, לערנען אונטער זיין השגחה. — ללמוד, לערנען אַליין, וללמד לערנען אויך מיט אַנדערע, בפרט נאָך מיט איינענע קינדער, דאָס איז איינס פון גאָטס געבאָט, וואָס יודען זאָגען עס, בעטען דאַרויף אין דאַוונען אַלע טאָג, און אַז וואויל איז דעם, וואָס איז אין שטאַנד עס מקיים צו זיין. רבי חיים פלעגט אַזוי טאַקי מיט זיינע קינדער זיך נוהג זיין. מיט איטליכען בעזונדער פון די צוויי עלטערע זיהן האָט ער געלערנט, נאָכדעם אַז זיי זענען אַרויס, איטליכער אין זיין צייט, פון'ם חדר, ביז דער התונה. ווי בעשעפטיגט ער איז געוועזן פלעגט ער אָפּרייסען אַ שעה אָדער אַ פאַר שעה צייט אין טאָג, צו לערנען אַ בלעטיל גמרא מיט זיי און מיט זייערע חברים, אין־פאַל אַז זיי האָבען אַזעלכע געהאַט. אַזוי האָט ער געלערנט

אויך מיט זיין איידעם, לאה'ס מאן, די ערשטע צייט נאך דער חתונה, און מיט נאך יונגע בעל־הבית'ליך צו איהם, גאר אומזיסט. און אזוי איז אויך געקומען שלמה'לעס צייט לערנען תורה ביים טאטען. דער שטייגער לערנען זיינער איז געווען אזוי: אלע פריהמארגען, באלד נאכ'ן דאווענען, פלעגט דער טאטע, זיטצענדיג אויף זיין שטאט אויבענאן אין קלויז, לערנען מיט איהם א פרק אדער צוויי פרקים משניות כסדר. נאך דעם אנבייסען פלעגט ער בלייבען אין דער היים, צוגרייטען אין אלקיריל דארט דאס לייענען, וואס דער טאטע האט איהם אין דער גמרא פארגעבען מיט תוספות און מהרש"א. ער האט עס בעדארפט דערנאך איבערזאגען, אין דער היים טאקי, אמאל ביי טאג, אמאל ביי נאכט, ווי דעם טאטען איז אויסגעקומען, און גאר אמאל פלעגט דער טאטע אויפוועקען שלמה'לען פארטאג אויך, און אוועקנעהן מיט איהם לערנען אין קלויז.

אמת טאקי, דאס אויפשטעהן פארטאג, בשעת דער שלאף איז אזוי געשמאק, איז שלמה'לען אנגעקומען נישט אזוי גרינג. נאר איז ער אבער שוין אויפגעשטאנען, אראפ פונ'ם געלעגער האט עס איהם זעהר הנאה געטאן. דאס אויף־זיין, דאס געהן אין קלויז און דאס לערנען האט איהם גרויס פערגניגען געמאכט. וועד ס'איז א יוד, א יוד מיט דעם פינטעלע, דער קען פיהלען דעם טעם פון אזא פערגניגען. אין דעם יודענס קאפ מאהלט זיך די נאכט מיט וואונדער־שענע בילדער. עס שטעלט זיך איהם פיר אין דער נאכט געטליכע זאכען, יענע וואונדערליכע ערצעהלונגען פון די הייליגע ספרים, וואס ריהרען ביי דער לעבער — און ער ווערד אזיש צעשמאלצען פאר הייסע ברענענדיגע געפיהלען.

„נאך דעם ערשטען משמר, ארום האלבע נאכט — אזוי שטעהט געשריבען — וויעט א צפון־ווינטעלע, און די וואכען פון די מלאכים ביטען זיך דארט אין הימעל. עס גיט, אט דאס ווינטעלע, דעם מלאך גבריאל א ריהר — און ער שרייעט אויבען זעקס קולות אויס, לייענט דערנאך פון א בוך ארויס די מענשענס אלע מעשים, וואס ווערען אפגעטוהען ביי טאג. פון איהם דארט גיט עס א טארע אונטער די פליגעל דעם האהן דא. ער האפט זיך אויף און קרעהט הויך אויף א קול. אי אויבען אי אונטען ווערד א געטימעל; דער האהן קרעהט אויף דער ערד, און גבריאל אויפ'ן הימעל. דענסטמאל לאזט זיך גאט פון דריי הונדערט און ניינציג הימלען אראפ אין גן־עדן אריין. כתות מלאכים לויפען פאראויס און זאגען שירה:

עפענט טויער'ן ברייט זיך אויף,
עפענט הויך זיך ביז ארויף —
א איהר אייביג פעסטע טהירען,
קומען לאז דא גאט שפאצירען!

עס זינגען אויך די ביימער אין גן־עדן, גיבען פון זיך ארויס זיסע שמעקענדיגע ריחות פון בשמים. אט איז ער שוין אריין, גאט דער מלך, מיט זיין כבוד אליין — שא! מלאכים אויף זייערע ערטער שטעהען מיט גרויס דרך־ארץ און שווייגען. פול מיט רחמנות קוקט ער אויף די הייליגע נישמות פון צדיקים און קדושים דארט, קוקט און שאקעלט מיט דעם קאפ. פלוצלים לאזט ער ארויס א געשריי, א ברומען ווי א לייב, דאס וויינט ער קלאגט אויפ'ן חורבן בית־המקדש, אויף ירושלים, די וויסטע שטאדט, אויף ציון, די ביטערע אלמנה, אויף די קינדער ישראל זיינע, וואס אין גלות — און צוויי הייסע טראפענס טרעהרען פאלען איהם אויס די אויגען גלייך אין דעם גרויסען ים אריין. . .

אזוי וויינט גאט דריי מאל אלע נאכט דארט אין זיינע הימלען. גוטע־פרומע יודישע קינדער לאזט עס נישט איינגלייגען. זיי שטעהען־אויף ביי־נאכט פון די געלעגערס, „ריכטען אפ הצות", וויינען זיך אויס פאר דעם זיסען, בארמהארצדיגען פאטער אין הימעל, און דאס יודיש הארץ פיהלט עפיס דענסטמאל א מין בעזונדער טעם — זיס ביטער און זויער אינאיינעם.

שלמה'לע געהט פארטאג איבער דער גאס. דאס שטעדטיל שלאפט. לבנה און שטערען שטעהען אין הימעל אויף דער וואך. עס דאכט זיך איהם: דארט, אויבען, טהוט זיך עס אצינד עפיס גאר א שרעק! טהוט פון ערגיין א בלאז, דאכט זיך איהם יענין צפון־ווינטעלע, דאס גוטע ווינטעלע, וואס וויעט אונטער די פליגעל פון מלאכים, וואס האט א מאל אויך געבלאזען אויף דוד־המלך'ס פידעלע, איהם צוקאפענס ביי נאכט אויפ'ן געלעגער, און עס האט זיך געשפילט זיסע געטליכע לידער. זוישען ערגיין ביימער אין א גארטען — דאס זוישען דארט די ביימער אין גן־עדן; קרעהט ערגיין א האהן — דאס זאגט ער שירה, און זענען איהם די האר, דאס פנים, פייכט פון טוי־טראפען — דאס זענען גאטס טרעהרען, דאס וויינט ער, יאמערט אויף זיינע פארוואגעלטע קינדער. עס שלאפט נישט, עס דרעמעלט נישט דער היטער ישראל!. . . עס צושפילט זיך שלמה'לען די געבליטען, זיין כח־הדמיון א'ז פלאם־פייער, דאס הארץ צונעהט איהם שיעור פאר גרויסע געפיהלען — און ער נעהמט זיך לערנען מיט חשק, געשמאק אויף א ניגון.

מיט דעם ארויסגעהען שלמה'לעס פונ'ם חדר געהט ביסליכווייס ביי איהם פיר א פארענדערונג אין דעם לעבען. אצינד פיהלט ער זיך שוין פרייער צו פערבלייבען אביסעל מעהר דא אויף דעם עולם. עפיס טהוט א וועיהע אין איהם איין אנדער גייסט, העלער אביסעל ווערד איהם אין מוח, ער הויבט זיך אן ארומצוקוקען — און דערזעהט פאר זיך עפיס אזוינס, וואס פריהער האט ער עס, דאכט זיך, אויך געזעהן, נאר עס האט איהם זיך אויסגעוויזען גאר אנדערש, אבער עס האט גלאט אזוי זיך איהם געווארפען אין די אויגען, נישט צומאכען איגוועניג אין דעם קאפ קיין פיטצעל רושם. עפיס טאקי נור א מענש־א בהמה, א ליימענער גולם, מישטעהנס־געזאגט: שטעהט און ווייסט נישט אויף וואס ער שטעהט, זעהט און ווייסט ניט וואס ער זעהט. גענוג איז דאך זיין וועלטיל דא אזוי אויך קליין האט ער עס נאך מעהר פערקלענערט — פון די אלע גאסען אין שטעדטיל איז פאר איהם געווען נור דער שולהויף: פון אלע הייזער — דער חדר, דער קלויז, דער בית־מדרש, וואו ס'איז דער טויער צום הימעל; פון אלע מענשען — איינוואהנער — נור דאס ביסעל יודען, און דאס אויך דוקא די וואס פון זיין בית־מדרש, יענע אקעגען וואס פון דעם אדער פון איין אנדער קלייזעל זענען שוין עפיס בע... און באמת טאקי, כפי עס שטעהט געשריבען, איז דאך די וועלט אקעגען יענער וועלט נישט מעהר ווי א פארהייזיל אקעגען א פאלאטין, און וואס מאכט עס א יודען אויס, שוין גאר א גרויסען מיט א בארד אפילו אז דאס פארהייזיל איז עפיס נישט אזוי, אביסעל איינגליך? מילא הייקערט מען זיך אביסעל איין, מאכט מען זיך א קאפעלע ניט וויסענדיג און שטערכעט אפ דאס לעבען ווי עס איז, פון יוצא־וועגען, אבי איבערקומען. לעבטען נישט דער ווארעם, להבדיל, אין חריין, און ס'איז איהם געוויס גוט און זיס, אויף כפרות די וועלט מיט דער גאנצער „עולם הזה"?!...

שלמה הויבט זיך אן ארומצוקוקען ווי איינער וואס שטעהט אויף פון שלאף, אין די אויגען געהט איהם אויף א ליכט און אלסדינג קומט איהם פיר עפיס נאר ניי, גלייך ווי ערשט פונ'ם איי ארויסגעקראכען. עס שטעהט זיך א שטעדטיל אויף א הויכען בארג, הוין דעם שולהויף זענען דא נאך גאסען, וואו ס'איז אויך א לעבען, עס געפינען זיך נאך אי געסליך אזוינע, דוקא נישט קיין יודישע, וואס זענען, גאט זאל ניט שטראפען פאר די רייד, אפשר טאקי ריינער און שענער, מיט גערטנער ביימער און שאר־ירקות. די טאהלען „בארג־אראפ" זענען ערטערווייס אויך בעזעטצט, בעוואקסען מיט גרינווארג. זיי ציהען זיך ווייט ארום דער שטאדט, צו־ווארפענדיג זיך אין פערשידענע פאנאראמעס: גערטנער, פעלדער און וועלדליך פון ניס, אויך געמייזאכצען, גרינבעוואקסענע זומפען מיט פליושניק (זשאווער) און הושענות, צווישען וועלכע עס רינען קוואלען וואסער, עס שוויבלען און גריבלען מיני עופות. אויף יענער זייט טאהלען ווייטער בערג, ווייטער פעלדער, וועלדליך און וועלדער. שלמה'לע שטעלט אויס א פאר אויגען, קוקענדיג דארויף אינגאנצען פארגאפט, מיט אזא מינע, גלייך ווי ער זעהט עס דאס ערשטע מאל.

שלמה'לע דערגעהט זיך שפעטער, אז דאס שטעדטיל געהער גאר צום גראף וויטגענשטיין, יודישע קינדער זענען נור שכנים דא, זיטצען אויף צינש; אז די גוים דא, הערט א מעשה, זענען בעלי־הבתים אזוי גוט ווי זיי, און אפשר נאך מעהר, האבען אויך א שטיקעל ווערטה! היינט פוך־וואנען, איז איהם א גרויס וואונדער, זאל זיך עס צום שטעדטיל נעהמען די קדישה, דער ק"ק, ווי עס הייסט? דער מארק מיט די קליישען, מיט די סוחרים און מעקלערס, מיט די שיינקען, אכסניות מיט די משרתים און פאקטוירים — די אלע זענען, אמת טאקי, אין דער גוטער יודישקייט,

אבער די ערד, די פעלדער ארום־און־ארום זענען דאך גויעשע, זייערע להבדיל!... א בעוויז דערויף האט ער אין די יאגעדעס, און די ניס, — יודישע קינדער גיהען מיט טעפליך, קריגליך קלייבען יאגעדעס אין וואלד, רייסען ניס און עס ציטערט אויף זיי די הויט: אט קומט עשו נעהמט עס אוועק און איז נאך מכבד מיט א קלאפ אויך. ס'איז זיי פארשטערט נעביך דאס לעבען, דער וואלד מיט זיינע ביימער מיט זיינע שמעקענדיגע קרייטעכצער איז פאר זיי נור א ריינע אפקומעניש, א שרעק. זאל ערגיין פאלען א בלעטיל, ענטפאלט זיי דאס געזונד, זאל ערגיין א פיפס טאן א פויגעל טהוט זיי א טיאכקע דאס הארץ. איטליכער שרייעט אין די געדאנקען „שמע־ישראל“, זיפצט נעביך און טהוט תפלה שטיל אינווייניג אין זיך, גלייך ווי זיי וואלטען געוואנדערט אין דער מדבר ערגיין... ער אליין איז דאך געפריווט געווארען, געווען אין אזא צרה, נישט היינט געדאכט, אז ער איז נעגאנגען איינמאל מיט א פאר חברים רייסען גרינס אויף שבועות, קוים האט ער אפגעריסען א צווייגעל עפיס פון א בליהענד בארענביימעל ערגיין דארט לעבין א פלייט פון א גארטען, אזש צוויי שקצימליך טוהען זיך א לאז איהם אקעגען און וואלטען זיכער איהם געמאכט דעם טויט. א נס וואס גאט האט איהם געגעבען פיס, האט ער זיך צונויפגענומען מיט אלע זיינע קרעפטען און באלד טאקי געשווינד מיט אימפעט אוועק, אוועק, איבערלאזענדיג זיינע חברים אויף גאטסבעוואהר.

שלמה'לע קוקט זיך צו און זעהט — אווא, א חידו'ש הלעבין, עס זענען דא יודען, וואס גיבען זיך נישט אזוי אפ מיט דער גמרא, האבען אין זינען אנדערע זאכען און לעבען אויך! ער האט געמיינט, א וועלט יודען ווייסט נישט מעהר ווי לערנען, ווי אויפצוטוהען א פשטיל, ווי צו פאלען אויף מהרשא'ס א קשיא. מען אינטערעסירט זיך נור איינער ביים אנדערען צו־וויסען וואו האלט דער אין „ביצה“, יענער אין „מכות“; נאך „בין־הזמנים“ ארבייט מען אויף אלע כלים און מען טהוט זיך א נעהם לערנען — און לסוף זעהט ער, אז ס'איז עפיס נישט אזוי די מעשה! תחלת איז איהם די זאך אפילו אביסעל פריקרע, וואס הייסט?... נאר דערנאך טראכט ער ביי זיך: טא; מסתמא בעדארף דאך גאטעניא אויף זיין וועלטיל האבען אזעלכע יודען אויך.

און וועמעס ארבייט האט עס געקענט זיין, ארייגלעגען שלמה'לען א פינגער אין מויל, ארויפצופיהרען איהם אויף אזוינע זאכען? – סטייטש, וועמעס אנדעריש ווען נישט דעם יצר־הרע'ס! אז אין דעם מענישען שטעקט א יצר־טוב און א יצר־הרע, דאס איז קלאר ווי דער טאג, אלע ווייסען עס, א קינד אפילו. די פראגע איז נאר, ווער פון די ביידע קריכט דעם מענשען פריהער אין דער נשמה אריין — דאס הייסט, בשעת קומענדיג אהער אויף דער וועלט איז דעם מענישענס נשמה א גאלד, אדער אונטערגעשלאגען מיט הינד? ווער פון די ביידע איז בעריידעווודיגער, קליגער, פאליטישנער, פארשטעהט בעסער ווי זיך־בעליבט צומאכען, ווי אפצוארבייטען איין עסק? און ווי די מעשה איז, אזוי צו אזוי, איז דען דאס אייגענע טאקי ביי אלע מענשען גלייך, אדער ניין? — נאר ענטפערען אויף די דאזיגע אלע זאכען איבערהויפט, דאס זאלען מוחל זיין יענע חקרנים, וואס זענען מחויב צו־וויסען אלסדינג, אפילו אזעלכס, וואס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. דא אבער געהט די ריידע איבער שלמה'לע רבי חיים'ס. די בעקאנטשאפט מיט זיין יצר־טוב און יצר־הרע הויבט זיך אן דא אין דער דאזיגער מעשה מיט איהם ערשט דענסטמאל ווען ער ווערד פרייער אביסעל, ארויסצוהאפען זיך פון דארט, פון יענעם עולם הייסט עס—אהער אויף אונזער עולם — וואס דארט, אויף יענער וועלט, עס געהט מיט א יודיש קינד פיר, דאס געווענדט זיך נישט אין איהם, נישט אין דעם יצר־טוב און נישט אין דעם יצר־הרע זיינעם, דארט געפונען זיך רבי'ס, משגיחים, בהעלפערס, מיני נפשות אזוינע און אזוינע, וואס פיהרען איהם, לערנען איהם, קענען אליין אהן יענע זייער שטעדטיל בעשטעהן און שלאגען איהם חכמות, זאבאבאנעם זייערע אין קאפ אריין. דארט געפינען זיך אויך מזיקים, מחבלים מיט אייזערנע ריטער... שלמה'לעס ערשטער שטעל דא אויף דער וועלט, נאך גאר ביים אנהויב, בעווייזט שוין, וואס פאר א מין יצר־הרע זיינער איז, וואהין ער קוקט, וואס ער טראכט, וואס ער זאגט, און עס לאזט זיך שוין בעצייטענס פאראויסזעהן, וואס פון איהם וועט אויסוואקסען שפעטער. א קעפיל הא־הא!...

שלמה'לע איז בטבע געווען א הייסבלוטיגער, אין איהם איז געלעגען פארבארגען א פאטעטישער פונק, און דעריבער האט דער יצר־הרע זיך נעקליגט אויפצובלאזען דעם דאזיגען פונק, איינגעבען איהם שכל, געפיהל, ליבשאפט צו דער שענער נאטור — א גוט מיטעל אוועקצורייסען פון יענעם עולם, ארויסצושלאגען דאס דולענייש פונ'ם קאפ... אט גאר דורך וואנען־ארום! פריהער מיט דער פאליטיקע, די שמד־שטיק אין דער יראה ארייגעלעגט, אלין גאט און זיין הייליג געבאט — זעה, בחור'ל, זיי מקים א מצוה, שטערכעט ער איהם, זעה „גאטס־וואונדער“ אין דעם אויסגעשטערענטען הימעל, אין דעם רעגענבויגען און אין די פונקעלדיגע טוי־טראפענס אויף דעם גרינווארג אין גארטען. הער „גאטס קול“ אין דונער, אין בליטין, אין שטורמווינד און אין דעם ווייען פון א שטיל לופטעלע, אין דעם זזשען פון בינען זשוקליך, און אין דעם שוועבען פון מיקען... שלמה'לע לאזט זיך איינריידען, פארקוקט זיך אויף אלסדינג, שפילט זיך און איז דערווייל מפסיק פונ'ם לערנען. וואס ווייטער ווייטער ציהט עס איהם אהין אין די פרייע גרינע פעלדער, אין די געדיכט פערצווייגטע וועלדער. — לכה דודי, רעדט איין דער יצר־הרע, קום שפאצירען! שלמה'לע גנבט זיך ארויס פון שטוב און געהט אויפ'ן קבלת פנים צו דער שען חנעוודיגער נאטור, ווי א חתן אקעגען דער כלה!... די כלה וויטעט זיך, לאזט זיך איהם הערען שטיל אויף א שושקענדיג קול'כיל פון צווישען שאקלענדיגע זאנגען ווייץ און קארן; ווינקט איהם דורך זשוואווע־ריהרענדיגע צווייגען פון הויך־געוואקסענע ביימער; שמייכעלט, מאכט חן דורך א שיינענדיגען זייל שטראהלען, דורכברעכענדיג זיך צווישען דעם גרינעם ים בלעטער. זי ווייזט איהם איהר שענע־רייכע גארדעראבע, מאכט איהם א חשק אויסציהען זיך אויף גרינע מיט קוויטען־בלומען געשטיקטע קאוויארען, און מיט א ווייך־געשפרייגקעלטע קישעלע פון מאך צוקאפענס; שיקט איהם א קוש, גרייזעלט איהם די האר דורך א מילד־ווארם ווינטעלע און לאזט פאר איהם ארום־און־ארום שפילען א וואונדער־שענע קאפעלע – עס קנאקט דער סאלאוויי, צוגיסט זיך אין טרעלען, דער ציזיג, דער שטיגליטין מיט דער גאנצער חברה משוררים זייערע האלטען איהם אונטער אויף פיסטליך, גלייכליך און בייקול'כליך. ערגיין פון דערווייטענס רופען זיך אפ געמבעס: א מעקען פון ציגען, א הירזשען פון פערד, פיטערענדיג זיך דארט אויף דער פאשע און עפיס ווי א שופר־בלאזען פון קיה. פייגעליך זינגען, שפרינגען איבען אויף די ביימער, באביטשקעליך געפוצט־געצירט באלאווע דרעהען זיך, טראגען־זיך אין דער לופט, גרילען, היישרעקען שמוצערען, טאנצען, הייבען פיסליך אויף דער ערד אונטען. עס איז א לעבען, א וועלט נישט קשה דא אויך!... שלמה'לען טהוט עס אינוועניג א בריה, ער ווערד אזש צושמאלצען פאר הייסע־זיסע געפיהלען. זאל מען געווען מגדל זיין איהם ווי געהעריג איז, ווי עס פאסט אזעלכען מיט גוטע מתנות פון זיין ליבען נאמען, וואלטען די געפיהלען זיינע ארויסגעגאסען זיך אין שרייבען, אין מאהלען, אין שפילען, א שטייגער. שלמה'לע אבער האט די אלע זאכען, הוץ תנ"ך און גמרא, נישט געוואוסט, נישט געהערט אפילו, אז אזעלכע זענען אויף דער וועלט גאר דא. מליצה־ביכליך האט ער אין די אויגען אפילו נישט געזעהן, דעריבער פלעגט ער אין דער הייסער שעה צוגיסען זיך אין א טרעלעליקען — אין א נגונ'דיל פון זמירות, און א וויינענדיגס צו א „בעדעקענס“, אדער געזאגט „ברכי־נפשי“ הויך אויף א קול, צוקייענדיג איטליכס ווארט, און געפיהלט דערביי עפיס גאר א בעזונדער טעם.

דאכט זיך אין אנהויב גאנץ גוט, וואס קען מען, הא, צו אזא יצר־הרע האבען?...

---

## בריעף פון דער יודישער גאס.

### א.

גוואלד, יודען, ביז וואנען וועט איהר זיין יורען?!
(דעם קעלמער מגיד'ס א ווערטיל).

אלע וועלען געוויס פערשטעהן, אז מיט דעם דאזיגען ווערטיל האט דער קעלמער מגיד ניט געמיינט חלילה צו האלטען מיט אונזערע אסימילאטארען וואס זאגען, אז יודען דארפען האפען אוועקווארפען זייער

יודישקייט און ווערען דייטשען, פֿראַנצויזען, ענגלענדער, רוסען וכדומה. זיין רַעיון איז געוועזן מִן־הַסְתָּם פּונקט פֿון דער אומגעקעהרטער זייט: אונזערע היינטיגע יודישקייט איז צו פּראָסט, צו וואָכענדיג, צו מְגוּשָׁם׳דיג אין זיינע אויגען; ער רעכענט אונז נור פֿאַר גלאַט יודען, פֿאַר יודען אין דער וועלט אַריין, פֿאַר יודען פֿון יוצא ווענען, און דאָס קען איהם בְּשׁוּם אוֹפֶן ניט בעפֿריעדיגען, דאָס איז פֿאַר איהם צו ווענִיג, ער פֿערלאַנגט עפּיס אַנדערש, ער פֿאָדערט גאָר עפּיס איין אַנדער סאָרט יודען, מיט איין אַנדער היטץ, מיט איין אַנדער ברען און מיט אַנדערע געפֿיהלען...

גוואַלד, יודען — שרייט דער קעלמער מַגיד פֿון דער בִּימָה אַראָפּ — ביז וואַנען וועט איהר זיין נישט מעהר ווי הוילע פְּשׁוּט׳ע יודען, און ווען וועט איהר שוין אָנהויבען צו זיין עכטע, אֱמֶת׳ע יודען?! —

און מיט דעמזעלבען „גוואַלד“, נאָר מיט אַביסעל אַ אומגעענדערטען נוּסַח און מיט אַגאַנץ אַנדער כַּוָּנָה, וויל איך אָנהויבען היינט מיינע בריעף פֿון דער יודישער גאַס.

אַז מען קוקט זיך גוט צו ווי עס ווערט אָפּגעלעבט האָטש איין טאָג, נור אין אונזער יודישער נעטהאָ, אַז מען נעמט גענוי בעטראַכטען האָטש אויף אַ קליינער ווײלע אונזערע פּאַראַדקעס, אונזערע פֿיהרונגען אין שטוב און אין דרויסען, ווילט זיך דערנטטמאָל אויך אויסשרייען איבער אונזער גאַנצען געסיל, און אויסשרייען שטאַרק בִּכְדֵי אַלע יונגע און אַלט, מאַנסביל און ווייבער זאָלען הערען אונזער קוֹל: גוואַלד, יודען, ביז ווי לאַנג נאָך וועט איהר אַלײן זיין נור יודען און ניט קיין מענשען!

לייט שמיעסען זיך אפילו איין, אַז מיר זענען שוין, פֿערקעהרט, נאָר צופֿיעל מענשליך, אַז ביי אונז איז שוין ליכטיג איבער דער מאָס, אַנדערע געהן נאָך ווייטער און טַעֲנָה׳ן מיט איין קוֹל, אַז די אַלע מִינֵי וְכוֹחִים ווענען „בילדונג־שמילדונג“ דאַרפֿען מיר שוין אויף כַּפָּרוֹת און מיר קענען זיי גלײך נעמען און אַריינגעבען אין אַרכיוו פֿאַר אַ אָנדענקען פֿון אַלטע, פֿינסטערע צייטען, און איך ווייס ניט פֿון וואַנען זיי נעמען זיך דאָס און אויף וואָס זיי בויען זייערע ווערטער. אין אֱמֶת׳ן גערעט, אַז מען זאָל וועלען קוקען אין תּוֹךְ אַריין און זעהן ווי די מַעֲשֶׂה איז, וועט מען געוויס אַרויסטראָגען דעם ריכטיגען הֶפֶךְ.

יאָ, אמת טאַקי, מיר זענען היינט אַלײן גרויסע מְקוּרָב׳ע מְחוּתָּנִים מיט די שוואַרצע פֿינטעליך און מיר געבען קינדער בילדען, מיר לאָזען זיי כּלוֹמַר׳שט שטודיע׳ען, שטופּען זיי מיט מְסִירַת־נֶפֶשׁ אין אַלערליי קלאַסען, און אַ מאָל אַז מיר זענען זיך שטאַרק מַפְקִיר, גילט אונז אויך אָפּ צו מאַכען זיי פֿאַר דאָקטוירים, פֿאַר אַדוואָקאַטען, פֿאַר אינזשענירען און פֿאַר אַלצדינג אין דער וועלט. אָבער צו וואָס זאָלען מיר זיך דאָס נאַרען, רַבּוֹתַי? צו וואָס זאָלען מיר דאָס פֿערדעקען אונזערע אויגען נישט צו זעהן דעם ריינעם אֱמֶת, אַז אַלײן וואָס מיר מאַכען פֿון זיך און פֿון אונזערע קינדער קען גיכער הייסען געמאַכט פֿאַר פּראָפֿעסיאָניסטען, פֿאַר בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת וואָס קענען געבען (און אַ מאָל דאָס אויך ניט) אַ ווייב מיט קינדער ברויט, אָבער פֿון געמאַכט פֿאַר מענשען, פֿון געמאַכט פֿאַר האַראַקטערן, וואָס בילדען אַלע אין איינעם אַ גרויסען, אָנגעהייערען מאָראַלנעם כֹּחַ, וועלכער דיענט אין אַ עֵת־צָרָה דעם גאַנצען פֿאָלק פֿאַר אַ גאַנץ שטאַרקע שטיטצע, — פֿון דעם האַלט דאָס נאָך דערווייל ווייט, זעהר ווייט. ווער זעהט דאָס ניט, אַז וואָס עס ווערט נור ביי אונז אָפּגעמאַכט, און צווישען וועלכע קלאַסע דאָס זאָל ניט זיין, איז אַלײן ניט מיט לייטען גלײך, איז שטענדיג ניט ווי דער סֵדֶר־הָעוֹלָם, איז אַלע מאָל ניט נאַטירליך, ניט נאָרמאַל, ניט גלאַט, נאָר מיט אַ שפּיטץ אַרויס, און דאָס רוֹב איז דער שפּיטץ זעהר שאַרף און שטעכט שטאַרק, שטעכט ביז צו בלוט זיך אַלײן און דעם אַנדערן אויך. ווער קען דאָס ניט בעמערקען, אַז אונזערע געדאַנקען ווי אונזערע מַעֲשִׂים זענען קיינמאָל ניט גאַנץ, נאָר צוריסען, צופּליקט אויף די העלפֿט, אַז אין אַלײן זענען מיר ניט פֿעסט, נאָר שטענדיג געטראַכט און געטהון אויף איין פֿוס, שטענדיג געשאָקילט זיך אַהין און אַהער, אַלץ געלאָווירט, און אַלײן גערדרעהט אין אַלע זייטען, און צום סוֹף קיינעם ניט צופֿריעדען געשטעלט: קידער־ווידער און צוריסען מיט דעם אייגענעם נֶפֶשׁ און דעם צווייטען אויך קיין טוֹבָה ניט געטהון... אונזער פֿרומקייט ווי אונזער פֿרייהייט, אונזער גוטסקייט ווי אונזער שלעכטסקייט, אונזער רַחְמָנוּת מיט אונזער אַכְזָרִיוּת, אונזער צְדָקָה־געבען און אונזער קאַרגשאַפֿט, ווי אַלע איבריגע מִדּוֹת אונזערע, זענען אָהן אַ טַעַם און אָהן אַ רֵיחַ, זענען נור מעכאַניש, געקינסטעלט, געהן אונטער קיין מאָס און קיין בעגריף ניט, און דאָס אַלץ צוזאַמען קומט 'נור אַרויס פֿון דעם וואָס דער לאַנגער, גרויסער גָלוּת האָט אונז בערויבט דעם הויפּט־יְסוֹד פֿון לעבען, — דאָס ריינע מענשליכקייט.

---

און מיינע ווייטערדיגע בריעף וועל איך מיר נעמען די מיהע אויפֿבעווייזען דאָס ריכטיגקייט פֿון מיינע ווערטער דורך פֿערשיעדענע בילדער און סצענעס גענומען גלײך פֿון אונזער גאַס. היינטיגס מאָל וועל איך מיר נור אָפּשטעלען אויף זעהר אַ וויכטיגען עִנְיָן, אויף אַזאַ עִנְיָן וואָס האָט פֿיעל צו זאָגען און שפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָלע אין דעם לעבען פֿון אַלע פֿעלקער, און וואָס ביי אונז יודען בִּפְרָט היינגט אָן איהם אָפּ כִּמְעַט אונזער גאַנצער קִיוּם, און פֿון דעסטוועגען פֿערהאַלטען מיר זיך צו איהם גאַנץ קאַלט און גלייכגילטיג, עפּיס ווי צו אַ זאַך, וואָס ווי עס זאָל זיך ניט מאַכען, איז אַלײן גוט און שען...

דיעזער עִנְיָן איז — דער אוֹפֶן ווי מיר טהוען מיט אונזערע קינדער שִׁדּוּכִים און ווי מיר מאַכען זיי חֲתוּנָה.

אין פֿלוק, דאַכט זיך, ווערט ביי אונז אויסגעבען זוהן און טעכטער גערעכענט פֿאַר אַ גרויסע זאַך, פֿאַר אַ הייליגע זאַך, מיט וועלכע אונזערע יודען זענען געוואָהנט צו בענשען זיך אַלײן און איינער דעם צווייטען. „זאָלט איהר דערלעבען, מְגַדֵּל זיין אייער איניקיל, זאָל געזונד זיין, לְתוֹרָה וּלְחוּפָּה!“ „הַלְוַאי זאָלט איהר זוֹכֶה זיין צו פֿיהרען מיט מַזָּל און אין אַ גוטער שָׁעָה אייער טאָכטער אונטער דער חוּפָּה!“ אַזעלכע מִינֵי בְּרָכוֹת הערען מיר זיך טעגליך אָן אין אונזער יודיש געסיל אויף יעדער טריט, און אין אֱמֶת׳ן קען גאָר קיין וויכטיגערע בְּרָכָה פֿאַר טאַטע־מאַמע ניט געבען. חֲתוּנָה מאַכען אַ קינד, איז פֿאַר עלטערען דאָסזעלבע וואָס וועקלענען פֿונדאַמענט־שטיינער צו נייע כֹּחוֹת, נייע לעבענס און נייע וועלטען, וועלכע דאַרפֿען, לויט נאַטור־געזעטץ, געהען און ציהען אַלײן ווייטער די פֿערפֿלאַנצונג פֿון דער גאַנצער מענשהייט בִּכְלָל און פֿון דער אייגענער אוּמָה בִּפְרָט, דאָסזעלבע וואָס אויסשטרויען אַ גרויסאַרטיגע, אונגעהייער־שטאַרקע פֿעסטונג, געשיצט צו זיין אין איהר פֿון איננאַנצען פֿערלענדט און פֿערלוירען צו ווערען, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, דאָסזעלבע וואָס אויפֿשטעלען אַ פּיראַמידע אָפּצוהיטען זיך און דעם גאַנצען קִבּוּץ צו וועלכען מען געהערט, פֿון עביגע פֿערגעסענהייט; און פֿאַר קינדער איז דאָס פֿאַמיליען־לעבען אַ מין קליין בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ׳ל, וואו אויסצוגיעסען דאָס פֿולע האַרץ אין פֿערשיעדענע צייטען און ביי אַלערליי געלעגענהייטען, אין פֿריידען און אין ליידען, אין צָרוֹת און אין שִׂמְחוֹת, וואו צו שעפּען פֿרישע קרעפֿטען צו קענען שלעפּען אויף די פּלייצעס דעם מַזָּל׳ס פּעקיל און זעהר אָפּט אויך וואו צו געפֿונען תֵּרוּצִים צו די שוועכסטע, ביטערסטע לעבענס־פֿראַגען... וועןְ איז דאָס אָבער אַלײן גערעט, ווען קען דאָס געביי האָבען אַ מַמָשׁוּת, ווען קען דאָס איינשטעהן אָנקעגען אַלע געוועהנליכע און ניט געוועהנליכע ווינטען, נאָר סיידען אַז עלטערן האָבען גענוג שֵׂכֶל צו פֿערשטעהן זייער שולדיגקייט צו דער זאַך, ווי עס בעדאַרף צו זיין, און גרייטען אָן צו דעם בִּנְיָן גוטע, טויגבאַרע מאַטעריאַל, ניט גאָט בעהיטע קיין פֿערפֿוילטע מיט מאָך איבערגעדעקטע ציגעל, ניט קיין פֿערדרעהטע, פֿערקרימטע, געשפּאָלטענע, נאָר גאַנצע, גלאַטע, גוט צוגעפּאַסטע שטיינער. אין פֿערקעהרטען פֿאַל איז דאָס נור אויסגעטרעטען אַ וועג גלײך צום אונגליק, נור אַ גרוב אויסגעגראָבען, אַ קֶבֶר פֿאַר יודישע כֹּחוֹת, פֿאַר יודישע יונגע קרעפֿט און פֿאַר דער יודישער צוקונפֿט...

און אַזעלכע פֿינסטערע וועגען ווערען אויסגעטרעטען, און אַזעלכע קְבָרִים ווערען אויסגעגראָבען אין אונזער יודישע גאַס כִּמְעַט ווי טאָגטעגליך. טאַטעס און מאַמעס נעהמען קינדער פֿאַר ביידע הענד און פֿיהרען זיי אַלײן צו דער שְׁחִיטָה. מען פֿיהרט צונויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, מען קלעבט עס אויף מיט ניכטערע שפּייעכץ, מען בעדעקט עס מיט שפּינוועבס, און מען שיקט אַהין אַריין לעבעדיגע מענשען צו בעזעצען זיך, צו לעבען און צו פֿיהרען אַ וועלט. משטיינס־געזאָגט וואָס פֿאַר אַ לעבען מען קען לעבען און וואָס פֿאַר אַ וועלט מען קען פֿיהרען אין אַט

אזעלכע מין הייזליך! מען האט נאך קיין צייט ניט ארומצוקוקען זיך וואו מען איז אויף דער וועלט, ליגט שוין דער בנין צו דער ערד אין גאנצען א איינגעפאלענער, א צעקלאפּטער אויף פּיין־פּיצליך, און אונטער איהם ליעגען זיינע ערווארגענע, ערשטיקטע קרבנות...

אט דאס איז אין אלגעמיינען דאס בילד פון אונזערע יודישע זווגים, אט דעם רעזולטאט קען מען מיט רעכט אונטערציעהען פאר א סך־הכל כמעט אונטער אלע שדוכים, וואס ווערען ביי אונז געשלאסען צווישען יעדער פאלקס־קלאסע, איבערהויפּט ביי דער מיטלער קלאסע און ביי דעם המון־עם. טרויעריג, זעהר טרויעריג איז דאס בילד, ביטער, זעהר ביטער איז דער רעזולטאט, אבער אלע מאכען זיך ניט זעהענדיג, אלע מאכען זיך ניט בעמערקענדיג, אזוי ווי ביי א פרעמדער שרפה, רחמנא־לצלן, און קיינער וויל זיך גאר ניט געפונען פאר נייטהיג צו עפענען דעם עולם די אויגען, א שמועס צו טהון א מאל מיט איהם וועגען דער זאך און אויפמערקזאם צו מאכען איהם ווי נאריש, ווי אונמענשליך, ווי ווילד ער זוכט צו פערענטפערן אזא וויכטיגע לעבענס־אויפגאבע!...

די ערשטע נישט־מענשליכקייט וואס עס ווארפט זיך אונז אין די אויגען ביי אונזערע שדוכים, איז די שטארקע מיה, וואס ביידע צדדים לעגען אוועק, צו מאכען דעם ענין פאר א געשעפטס־זאך, פאר א מין מסחר וואו עס דרעהט זיך אלץ ארום דעם קערביל. עס ווערט זעהר ווייניג צי אפשר גאר ניט גערעט וועגען קערפערליכע, וועגען גייסטיגע מעלות, מען לעגט גאר אוועק אן א זייט די דאגה וועגען פאסענדע כאראקטערען, וועגען אידעען־גלייכהייט, וועגען געשמאק־שטימונג. מען טהוט נור איינמאל פאר אלעמאל און מען רעדט, מען טענה'ט, מען שפּאַרט זיך אלץ נור וועגען דעם נדן; מיט דעם נדן הויבט מען אן און מיט איהם ענדיגט מען, נור נדן און נדן, א קערביל ארויף א קערביל אראפ, דאס קערביל וועגט איבער אלץ, פערדעקט וואס נור א פעהלער, מאכט בערג צו טהאלען, גלייכט אויס אלע קנייטשען, פערשיט אלע גריבער, טריקענט אויס אלע שמוציגע געמייזאכצען, עפּיס אזוי ווי דאס געלט וואלט דאס געווען דער רעכטער פונדאמענט־שטיין פונ'ם נייעם לעבען, וואס דארף דא אנהויבען צו בליהען, עפּיס אזוי ווי פון דעם געלט וואלט אפּגעהאנגען די גאנצע וועלט, דאס גאנצע הויזליכע גליק.

יא, רבותי, מען קען ניט לייקענען, אז לויט ווי מיר זענען דאס רוב געוואהנט צו פיהרען אונטער דער חופּה יונגע לייטליך פוסטע, רויע, ניט קיין אויסגעבאקענע, בעלי־בתּישע לעדיג־געהער, וואס האבען קיינמאל אפילו א פינגער אין קאלט וואסער ניט אריינגעשטעקט און טויגען ניט, ווי דער עולם זאגט, „א קאטי'ן איין עק צו פערבינדען", און וואס אהן א מזומנע קאפּיקע אין קעשענע, דארפען זיי גלייך אויף מארגען נאך דער חתונה נעהמען א טארבע און אוועקגעהן איבער די הייזער (וועגען אזעלכע „שדוכים" וועל איך נאך האבען די געלעגענהייט צו רעדען אין מיינע שפּעטערדיגע בריעף), — קען מען טאקי דעם נדן אויך ניט אוועקמאכען פון אונטער דער האנד, דארף טאקי דער גראשען אויך האבען א שטיקיל ווערט, אבער נור א שטיקיל און ניט די גאנצע ווערטה. ניט דאס געלד, וויפיעל עס זאל זיין, איז דא דער עיקר, נאר דער מענש, די פּערזאן, מיט וועלכער מען דארף איבערשווימען דאס לעבענס־ים, מיט וועלכער מען בעדארף ביז דעם לעצטען טאג אטהמען איין לופט, מיט וועלכער מען בעדארף זיך שטענדיג בייטען מיט געדאנקען, מיט אידעען, פאר וועלכע מען בעדארף צו צייטען אויסרעדען, אויסדערצעהלען די געהיימסטע מעשים, און מיט וועלכער עס שטעהט פאר צו טהון בחברותא אזא הייליג ווערק ווי די ערציהונג פון דעם יונגען דור. ווען דאס לעבען איז אינערליך צוריסען, קען מען עס מיט געלד ניט גאניץ מאכען, ווען דאס לעבען איז אינערליך א ביטערס, קען מען עס מיט מיליאנען ניט זיס מאכען.

על־כן דארף זיין די הויפּט־זארג פון עלטערן ביי יעדען שדוך צו זעהן „בראשית־כל" אז די יונגע־לייט וועלכע דארפען צוזאמען פערבונדען ווערען אויף אייביג זאלען פריהער איינער דעם אנדערן גענוי קענען לערנען, קענען איטליכער דעם צווייטענס כאראקטער, זיינע מדות מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות. עס קען גאר קיין ערגערן אונגליק ניט געבען ווי איינשפאנען אויפ'ן גאנצען לעבען צוויי יונגע נפשות, וואס קלעבען זיך איינער צום צווייטען ווי איין ארבעס צום וואנד, וואס זענען אין אלץ איינער פון דעם אנדערן ווייט ווי מזרח פון מערב, ווי הדו פון כוש, און קענען זיך ביידע ממילא קיינמאל ניט צונויפרעדען. אז דער זאגט טאג, זאגט יענער נאכט, וואס ביי דעם איז שען, איז ביי יענעם מיאוס, וואס דעם איז זיס, איז יענעם ביטער, בעת אז איינער איז צופריעדען, איז דער צווייטער בייז און צארענדיג. דאס איז א מין שלאק, רחמנא לצלן, וואס זיין ביטערע, סם־המות'דיגע פרוכט ווערט גענעסען פון קינדער און קונדס־קינדער אויף דור־דורות. אזא הויז איז שטענדיג פערצויגען מיט א המארע, אין אזא הויז איז שטענדיג פינסטער אין אלע ווינקלען, אין אזא הויז זעהט מען קיינמאל נוט קיין פרעהליכע מינע, הערט מען קיינמאל ניט דאס קול פון א געזונטען געלעכטער, אין אזא הויז ווערט געהערט טאג און נאכט קללות און חרמות, זיפצען און געוויין, אין אזא הויז זענען פערשטערט שבתות און ימים־טובים, אזא הויז איז א ריכטיגער גיהנום, אין וועלכען עס טאנצען ארום שדים מיט מלאכי־חבלה!...

און אז דער פאטער איז תמיד צוקאכט, און די מוטער זידט אהן א אויפהער ווי א קעסיל, אין ביידע געהן ארום ווי בעגרובענע, ווי שאטענס, וואס איז דאס פאר א וואונדער אז זיי ברענגען אויף דער וועלט שוואכע, קראנקע, הויקערדיגע בעשעפעניסע, בלאסע, מאגערע, אפגעצעהרטע קינדער, וואס אנדערע פון זיי האדעווען זיך גאר ניט אויס, און די וואס בלייבען שוין יא, האבען אויך קיין צורה, קיין פנים ניט פון טיכטיגע, נוצליכע מיטגלידער אין דער מענשליכער געזעלשאפט, און זייער קיום בריינגט קיינעם קיין טובה ניט. עס איז זיך לייכט פארצושטעלען די גרויסע זאכען, וואס א פאלק קען אויפטהון מיט א גווארדיע, וואס בעשטעהט פון אזעלכע מיני ברואים!...

ביי יודען איז מען זיך, ווי אלע ווייסען, מפקיר אין שדוכים פאר יחוס. א געשטארבענעם פעטער א מגיד אויפ'ן בית־עולם, ווערט געוואוגען מיט רענדליך, היינט ווער רעדט א רב א גאון, פאר אזעלכען קען מען זיך שוין גאר ניט אפּצאהלען. אייגענטליך איז אנטקעגען יחוס־אבות גאר ניטא וואס צו רעדען. דער בעוואוסטער שפּריכווארט „דער עפּעל פאלט ניט ווייט פון בוים", האט אין זיך א געוויסען חלק אמת. נאטירליך דארפען קינדער מאראליש ווי פיזיש זיין געראטען אין זייערע עלטערן, אבער קיין כלל איז דאס נאך פון דעסטוועגען ניט. רבנישע און גאונ'ישע קינדער קענען אויך זיין העכסט אונגעצאגען, העכסט פערדארבען, און פערקעהרט, קינדער פון נידריגע טאטעס און מאמעס, קענען זיין אויסגעציערט מיט אלע מענשליכע מעלות, און מיט אלע אייגענשאפטען, וועלכע פערגליקליכען דאס פאמיליען־לעבען. אזעלכע קאנטראסטען זעהען מיר אין אונזער געסיל כמעט ווי אויף יעדען טריט. מאכען דעם יחוס פאר א גאט און בריינגען איהם קרבנות, — דאס טהארען מיר אויף קיין פאל ניט טהון.

איבערהויפּט ווערען אונזערע שדוכים אפּגעטהון זעהר טרוקען, אהן א שום פייכטקייט, איך רעד שוין ניט פון פאעזיע, אבער פון האריץ, פון געפיהל. מע קוקט אלץ אויף דער אויסווענינגסטע זייטע, מען דאגה'ט נור וואס וועלען לייט זאגען אויף דעם יחוס און מכח דעם נדן, אבער וואס עס געהערט צום תכלית אריין, וואס עס געהערט צו דעם עיקר אינהאלט פון לעבען, וועגען דעם בעקימערט מען זיך זעהר ווייניג. עס זענען נאך עד־היום דא פינסטערע ווינקלען אין דער יודישער גאס, וואו עלטערן מאכען אפּ צווישען זיך צו ווערען איינע מיט די אנדערע מחותנים (אמאל ווערט דער עסק אפּגעטהון, במחילה, אין באד אויפ'ן פאל) און חתן־כלה אליין, צו וועמען די זאך, דאכט זיך, דארף נוגע זיין אם מעהרסטען, דערוויסען זיך פון דעם צו לעצט, דאס הייסט כמעט בעת מען דארף זיך שוין אנהויבען קלויבען צו דער חופּה... דערצו טרעפט נאך גאניץ אפט אז צוויי טאטעס ווערען ביידע מחותנים, בעת די קינדערשע הערצער זענען שוין לאנג פערנומען מיט עפּיס אנדערש... דעם רעזולטאט פון אזעלכע סארטען שדוכים. קען מען זיך לייכט פארשטעלען; דער רעזולטאט איז: שרעקליכע סצענעס, סקאנדאלען, און צום סוף צערבראכענע הערצער, פערוויסטע, פערהשכ'טע לעבענס, און א אייביגע ברענענדיגע שנאה צו עלטערן.

און די עלטערן זענען אַליין אין דעם שולדיג. הערצענס־געפיהל איז אַזאַ זאַך וואָס מען קען דאָס ניט מבטל זיין, דאָס איז אַזאַ עדלער שטאָף וואָס מען דאַרף וויסען ווי אומצוגעהן מיט איהם, וואָס מען טאָר איהם ניט בעריהרען מיט גראָבע הענד, וואָס מען טאָר עס ניט נייטען, ניט גוואַלטעווען, היינט וועך רעדט אויסרייסען, אויספליקען דאָס! מיט די געפיהלען ווערט אַ מאָל דאָס גאַנצע האַרץ אויסגעריסען, און מיט'ן האַרץ שטאַרבען אַפּ אַלע אברים, שטאַרבט אַפּ דער גאַנצער מענש!...

נאָר וועגען אַזעלכע מיני עלטערן רעד איך גאָר ניט. דאָס זענען אָדער וואַלד־גזלנים אָדער פּשוט משוגעים, וואָס רעדען צו זיי און צו דער וואַנד איז אַלץ איינס. איך מיין נור אַזוינע עלטערן, וואָס פיהרען זיך אין שדוכים אויף שלעכט, ווייל זיי ווייסען ניט וואָס גוט איז, וואָס פיהרען זיך אונמענשליך, ווייל זיי פערשטעהן ניט וואָס מענשליך איז. זיי וואָלטען געוואָלט גליקליך צו מאַכען קינדער, פער־שאַפען זיי אַ ישטיל, רוהיג לעבען, אָבער בכדי דאָס צו ערגרייכען, געהן זיי ניט אין דעם גלייכען, ריכטיגען וועג, ווייל זיי זענען בלינד און קענען איהם ניט געפונען.

אָט זיי דאַרף מען עפענען די אויגען!...

נאָך די אַלע רייד וועל איך בעטען דעם לעזער אַזוי גוט צו זיין און איבערגעהן מיט מיר גלייך צום — לעבען. מיר שטעהן איצט, ווי בעוואוסט, אין דער יודישער גאַס. לאָמיר פריווען אַריינגעהן אין דער ערשטער שטוב. דאָ וואוינט ר׳ חיים דער קאָלאָניאַל־קרעמער, אַ יוד אַ בעל־הבית, וואָס האָט אַ טאָכטעריל, אַ מעדיל פון אַ יאָהר נייגצעהן־צוואַנציג, און האַלט מיט איהר צו טהון איצט אַ שדוך.

לאָמיר זעהן ווי און אויף וואָס פאַר אַ אופן ר׳ חיים פערשלייערט זיין אויג אין קאָפּ, זיין טהייערער טייבעלען...

נאָר דאָס וועלען מיר זעהן אין מיין צווייטען בריעף.

ש. ל. ציטראָן.

---

## גסיסה.

... דער שלאָף האָט זיי אַלע גובר געווען.

דאָס יונגעלע, וואָס שלאָפט אויף דער לאַנגער באַנק נעבען קליינעם קינד'ס וויגעלע, טהוט אַלע מאָל ווי עפּיס אַ פרעג מיט זיין סאָפען דורכ'ן נעזיל, און די באבע ענטפערט איהם אַלס אָב פונ'ם אויבען מיט אַ בעזען חראָפּ...

נאָר דאָס האָרכלען פון דער קראַנקער מוטער האַלט נישט קיין טאַקט, עס רייסט זיך אַלע מאָל אָב מיט אַ פייף אויף אַ משונה'דיג, דיק קול.

די שכנה, אַ ווייביל מיט אַ דאַר לאַנג פּנים, וועלכע האָט זיך גע־זעצט אכטונג גיעבען אויף דער קראַנקער, ביז איהר אַלטע מוטער וועט זיך עטוואָס איבערדרימלען דאָרט אויפ'ן אויבען, איז אויך ווי פערפלאָנ־טעט געוואָרען אין שלאָף, זיצענדיגערהייט; עס באָמבעלט זיך נאָך איהר אין קאָפּ די דאגות, יסורים און אַרבייט, וואָס זי האָט היינט איבערגע־טראָגען אי פון זיך אי פון דער קראַנקער, און איהר קאָפּ קען זיך שוין נישט דערהאַלטען, ער פאַלט אַלע מאָל אום, און זי טהוט זיך ביי יעדען פאַל אַ האָפּ ווי אַ אָבגעריהטע, נאָר דער שלאָף פערהאַלט זי און לאָזט איהר אַפילו קיין אויג עפנען...

— מאַ־אַ־מע! האָט פּלוצ'ם די קראַנקע אַרוף געטהון.

די שכנה האָט זיך דערמאָנט פונ'ם שלאָף.

— וואָס איז, רחל?! — האָט זי אַ פרעג געטהון אין שרעק — וואָס ווילסטו? — האָט זי שוין ווייכער געזאָגט.

— נישט אייך, ציפה, די מאַ־אַמע רוף איך, — האָט די קראַנ־קע געשטאַמעלט מיט אַ נעלעגערטער צונג און מיט אַלעדיג שוואַך קול.

— מאַ־אַמע, מאַ־אַמע!

די אַלטע האָט דערהערט.

— וואָס איז, טאָכטער? וואָס איז? — האָט זי געפרעגט אין הילעניש זיך אַראָבלאָזענדיג פונ'ם אויבען.

— לעג זיך — מיט מ־י־ר, מאַ־אַמע... דאָ אין בעט — האָט זיך די קראַנקע געבעטען.

— וואָס רעדסטו, נאַר?!... נאָך וואָס?... מ'דאַרף נישט, נאַר איינער! — האָט די אַלטע גערעדט אין צעטראָגעניש און געטאַפּט מיט די הענד אין בעט אָנצוזוכען דער טאָכטער'ס אַ האַנד אָדער דעם שטערן. איהרע אויגען, האָטש זיי האָבען געקוקט גלייך אויף דער קראַנקער, האָבען זי נישט געזעהן, — דאָס איז אַ פּאָר קליינע אָבגעבליאַקעוועטע, פערגליווערט אָפנע אויגען, וועלכע טהוען אפילו קיין פינטעל נישט; זי איז בלינד.

— נו נעהם־זשע מ־י־יך, האָטש צו ד־י־יר אויפ'ן געלעגער...

איך וועל איבער געה־ען — האָט די קראַנקע געזאָגט און האָט אויפגע־הויבען דעם צעפּאַטעלטען, אויף דער מיט אויסגעגאָלטען קאָפּ, פון וועלכען ס'איז אַראָבגעפאַלען דער קאָמפּרעס מיט דעם פאָכיר אייז, און זי האָט זיך בעמיהט אויפצושטעהן...

— טאָכטער מיינע! רחלע! ליג שטיל! — האָט זיך געבעטען אין ציטערניש די בלינדע מוטער אָנטאָפּענדיג דער קראַנקער'ס פלאַמענ־דיג פּנים — גאָט איז מיט דיר! האָסט מורא?... מ'זיצט דאָך נעבען דיר!...

— כ'האָב ני־ט מו־רא... נאָר פאַר גאַ־אָט אַליי־ן... האָט די קראַנקע געצויגען ציטערענדיג די דבורים — נאָר לאָזט מיך ניט אַליי־ן... זיצט ביי־דע דאָ...

און זי איז צוריקגעפאַלען אויפ'ן געלעגער.

— גיבט מיר דעם רעצע־עפּט — האָט זי געבעטען אין אַ ווייל ע אַרום.

— די רפואה, טאַטע זיעסער, גיב איהר שוין!... — האָבען ביידע ווייבער געבעטען טיעף געריהרט.

די שכנה, ציפה, האָט אָנגעגאָסען אַ לעפעל — און די קראַנקע האָט איהם מיט דאָרשט אויסגעזופּט און זיך ווי געקוויקט נאָכדעם: "האַ־אַ!"

— אוי, אַ רפואה! אַ רפואה פונ'ם גן־עדן! — האָט ציפה צו־געשפּראָכען.

— אָ־מ־ן — האָט די קראַנקע געענפערט שוין מיט צו־גע־מאַכטע אויגען.

ביידע ווייבער האָבען עפּיס געפיהלט ווי אַ מורא אין האַרץ פאַר דער חולה'ס ווערטער און האָבען אויך געטראַכט: "אפשר האָט שוין גאָט געהאָלפען — עס געהט צו בעסער ווערען"... שוין דריי מעת־לעת ליעגט זי גאָר אונבעוואוסט, און מען האָט פון איהר נישט געהערט קיין צוויי ווערטער וואָס זאָלען זיך קלעבען, ווי אַצונד.

די שכנה האָט צו־געלעגט דער קראַנקער צו די ליפּען אַ גלאָז מיט אַביסעל מילך; זי האָט אַ זופּ געטהון.

לאָ־זט מיך שוי־ין! — האָט זי זיך געבעטען מיעד און פערשלאָפען...

די שכנה איז געבליבען זיצען נעבען איהר, און זיך פערקוקט אויף די פאָנס־רויטע פלעקען וואָס האָבען זיך צעפליעסט פון די שפּיץ באַ־קען־ביינער און אָנגעהויבען אַלס טונקלער ווערען, גלייך מ'האָט זי מיט פיאַלעט אונטערגעגאָסען.

די בלינדע האָט אָנגעהויבען טאַפּען אויפ'ן אָנגעשטעלטען טישעל, האָט אויסגעזוכט די קאָרט, זיך "אָבגעגאָסען די נעגיל" און האָט זיך אַ־נידער געזעצט אין בעט צופיסענס, און איהרע ליפּען מיט'ן קליינעם קע־פיל האָבען זיך בעוועגט, און די הענד צו־געציטערט פון אַ שטיל הייס געבעט...

פון יענער זייט איבערגעשאָליעוועטען ווענטיל האָט אָנגעהויבען ברומען אַ גראָבע שטומע אויף בעזע ברוגז'ע נאָטען אונטער דער נאָז... נאָכדעם אַ קלאָפּעניש, אַ ריקעניש איבער דעם פאָל.

— האַ! קאַלט! — האָט מען געהערט ווי דער מיט דער גראָבער שטימע רעדט דאָרט מיט זיך אַליין אויפ'ן קול — אַ־נו, ווי זוי וועט עס זיין? דאַ—רע—פאַ—סי—לאַ־לאַ ניין! — דאַ—רע—פאַ—סי—לאַ־אַ יאָ! נאָך אַמאָל!

די טענער זענען געוואָרען שטאַרקער, און די געדעכטע ווילדע שטימע האָט זיך געבייזערט מיט כעס: דאַ—רע—פאַ—סי—לאַ—לאַ!

באלד נאכדעם, א שפרינג־אויף, א ריהרעניש, עפיס איז אומגע־פאלען מיט א הויכען קלאפ, א קנאק פון א שוועבעלע... נאך א קנאק... די גראבע שטימע טהוט א בריל: „אין ד׳רערד אריין!“

און נאך אמאל א רייב, א טרעסק פון א שוועבעלע און די בעזע נאטען לאזען זיך ווידער הערען.

— וואס שרייעט ער?! — וואס דערארבייט ער?! — האט די בלינדע זיך דער׳רגזענט.

— נאך קענט איהר איהם נישט — האט געזאגט ציפה און איז צו־געגאנגען צום ווענטיל, אנגעקלאפט, געבליבען שטעהן און זיך איינגעהערט.

ס׳איז געווארען שטיל, שא אין יענער זייט ווי אין דער זייט...

ציפה האט זיך צוריק־געזעצט.

— גלויבט מיר — האט זי אנגעהויבען רעדען צו דער אלטער — א מורא פאלט אויף מיר אן צו־מאל פון זיינע תנועות, העויות, אז איך וואלט אוועק אין דער וועלט אריין! ס׳איז נור א קליפה, א דיבוק, בעהיט גאט, אין דעם מענשען! גאט זאל שומר און מציל זיין! אט האט דאס איהם אויפגעוועקט אזא פארטאג, א!... ווער שלאפען, וואס עסען?...

זי האט זיך אזוי צערעדט, כדי זי זאל זיך ארויסברענגען פונ׳ם שלאף און פאר היימליכקייט; זי האט אבער אין מיטען די רייד הרטה געהאט אויף זיי — „אצינד צו רעדען וועגען דעם?“... — האט זי זיך מיט׳ן געדאנק געזידעלט און זי האט שוין געוואלט שווייגען, זיך פער־טראכטען עפיס ווי עס איז... נו האטש אויף דער וואנד — אבי נישט קוקען אויף דער קראנקער... עפיס האט זי אצונד מעהר מורא געהאט פאר די געדאנקען וואס קומען איהר אלם אויף ווען זי קוקט אויף איהר קראנקער שכנה: באלד שטעלט זיך איהר פאר אז רחל איז געשטאר־בען און זי, ציפה, זארגט זיך וועגען איהר אויף „אויס־רעכטונג“ מען זאל איהר „רעכט׳ס טהון“ — וואס־און וואו זי וועט קענען א משכון פער־זעצען, צו האבען אויף „איהרע“ לעצטע הוצאות... זי טראכט אויך וואס קען מען טהון מיט די קינדערליך און מיט דער „אלטער בלינדער יתומה“, רחל׳ס מוטער... זי האט זיך געפיהלט זינדיג, זעהר זינדיג און שולדיג נעגען רחל׳ן, פאר אזוינע געדאנקען, שלעכטע, מורא׳דיגע, וועלכע קריכען איהר אין קאפ אריין און זי בעטראכט זיי נאך...

— זי וועט שטארבען באלד... און איך וועל זיך לעבען, אזוי ווי תמיד...— האבען איהר אנגעהויבען איצט אויך ארויפשווימען יענע שלעכ־טע געדאנקען... און זי האט דערזעהן דעם סאטען פון דער אלטער מוטער ווי ער שאקעלט מיט׳ן גרויסען קאפ אויף דער וואנד, גלייך ער מוסרט זי: „אי, אי, אי! ווי זינדיגט מען אזוי — נאך נעבען יענעם!“...

און ס׳איז אויף איהר אנגעפאלען א מורא.

און דא איז שא, שטיל. „טויט, טויט...“ וויל זיך איהר טראכטען עפיס א געדאנק, נאר זי שלאגט איהם זיך אליין איבער, פארציהענדיג שטארק דאס גאנצע פנים מיט די אויגען און טהוט א רייב דעם שטערען אין דער האנד...

פון יענער זייט ווענטיל איז אויך שטיל, קיין שארך, עפיס מישען זיך איהר בילדער און געדאנקען וועגען טויט... זי וויל זיך פאררעדען און זוכט אויס אזוינע רעד וואס זאלען זיך איהר פאסען א־צט צו רע־דען — אבי נישט שווייגען:

— נאר אט בעטראכט איהר איהם דעם צו־געדולטען, אונזער שכן מיין איך, דעם לעהרער — האט זי אנגעהויבען פונ׳ם פריהערדיגען שמיעס — האט איהר נאך אזא האר׳ן נישט באגעגענט, די נשמה וואלט ער פון זיך אוועקגעגעבען! — „די וואך, זאגט ער מיר היינט, מוז איך מיר שוין קויפען א פאר קאלאשען“ — גלויבט מיר ער געהט מיט א פאר אויסגעריבענע ענגע שיך אויף דער קעלט אז ס׳איז נור א רחמנות! — „איך האב שוין, זאגט ער, איין קערביל“... דערהערט ער פארנאכט ווי איך קלאג מיך: ס׳איז שוין נישטא וואס צו פארזעצען און דא דארף מען ערשט ראטיניק גוטען, מען דארף רופען דעם דאקטאר, האפט ער ארויס דאס איינציגע קערביל וואס ער האט פארמאגט און גיט מיר! — פאר־נאכט איז שוין געבליבען דערפון פינף קאפ. דער דאקטאר האט צו־גע־נומען דרייסיג קאפ., דער אפטהעקער, ס׳זאל איהם חאטש שוין דער רוח נעמען, נישט ווניגער פון 65 קאפ. פאר׳ן רעצעפט. נו? האב איך 5 קאפ. אין דער האנד! — וואס טהוט מען? — איך קום א היים מיט אזוינע צרות פונ׳ם מארק... וואלט ער, מיינער מיין איך, געווען האטש עפיס געלעזט, לעג איך אויס — וואו? — א גאנצען טאג זיך אומגע־טראגען מיט דעם קויש ספרים און — קיין גראשען ניט!... איך געה אריין אהער, זעה איך ווי ער, דער לעהרער מיין איך, שטעהט און נעמט אב עפיס א פאר העמדער ביי דער וועשין. — „וואס טהוט זי? וואס הערט זיך?“ — טהוט ער מיך א פרעג — דערצעהל איך איהם: „נישטא מיט וואס זי מהיה צו זיין, איך האב 5 קאפ. — זאג איך — וויים איך ניט וואס פריהער: צי קויף איהר א גלאז מילך, אדער גאר דער רובע א בינטעל שטרוי, ס׳איז דאך אין שטוב ווי אין א פסארנע...“ — האפט ער ארויס 2 גולדען: „נעמט צו — זאגט ער — כ׳האב נישט מעהר... זי וועט מיר אבגעבען, אז זי וועט געזונד ווערען...“ דער וועשין האט ער שוין נישט צו בעצאהלען — האפט זי, די כלבטע, אויס דאס גרייט און אנטלויפט... איהם זאל עס עפיס אנהייבען צו אארען! ער זעצט זיך צו זיינע „פ אס אל י ע ס“ שרייבט נאטענס! ער שטודירט אויף א... ק א מ־פ א ט נ י ק — זאגט ער, דאכט זיך... וויים איך וואס ס׳הייסט, א קאפעל־מייסטער וויל ער א פנים ווערען... דערווייל האט ער נישט קיין וועט־שערע, דארף ער נישט, וואס איך בעט איהם: „נאט אייך אויך 10 קאפ. קויפט אייך עפיס און עסט!“ — ער ווארפט זיך אב מיט הענד און מיט פיס: „חלילה! — שרייט ער — קויפט בעסער עפיס די קינדערליך!...“ און איך האב מיך טאקי דערמאנט אין דעם קליינעם זינדיגען קינד — וועה איז מיר אין האר׳ן! — און נעקויפט א פאר בייגעל, נעביך, אזוי מען זאל עס קייען מיט א שטיקעל צוקער, האטש האדעווען מיט א גרינגערען ביסען... ס׳האט זיך עס, נעביך, אזוי שטארק געהאפט דאס מעגעלע — אויס קינד געווארען — שיובע מיינע! — פון זיבענטהאלבען חדשים א קינד און ס׳האט זיך אליין ענטוועהנט... דער ליבער גאט גיבט שכל אזא קליין ווערעמיל, און ס׳האט רחמנות געהאט אויף דער קראנקער מאמען... גאט זאל שוין רחמנות האבען!

ש. בן־ציון.

(ענדע קומט.)

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

אין אונזערע שטעדטליך איז פינסטער...

די יודען אין יוסטינאגראד (קיעוו. גוב.) שרעקען זיך פאר רוחות און שדים, וואס האלטען זיך באנאכט אין דער דארט׳גער באד און אין דער קרעניצע (ברונען), וועלכע זענען נאענט איינס פון דעם אנדערען. צו זייער שטענדיגען פחד האט זיך נאך די טעג פערלאפען דארט אזא געשיכטע:

דעם יוסטינאגראדער רבי׳נס איין אייניקעל, א מיידיל פון א יאהר אכטצעהן, איז ביינאכט אריינגעפאלען אין קרעניצע און אנגעהויבען שרעקליך שרייען מען זאל זי ארויסראטעווען. עס איז געווארען א גרויס געלויף, נאר קיינער האט זיך ניט געוואלט איינשטעלען דאס ל׳עבען צו געהן צו דער קרעניצע, וואו רוחות און שדים האלטען זיך אויף. ענדליך האט זיך ארויסגעהאפט א בריה, וואס האט ניט קיין רחמנות געהאט אויף זיין אייגען לעבען אבי ארויסצוראטעווען א פרעמד לעבען, און קוים ארויס־געשלעפט דאס אומגליקליכע מיידיל. ווען מען האט איהר געפרעגט ווי קומט זי דארט, האט זי דערצעהלט אז צעהן באנאכט, ווען זי איז דורכ־געגאנגען נעבען דער קרעניצע, איז ארויסגעלאפען פון באד א רוח אנ־געטהון אין ווייסען און זי אריינגעווארפען אהין. דאס מיידיל איז איצט געפעהרליך קראנק. די באד האט מען צעווארפען. די איינציגע קרעניצע, וואס האט געהאט ריינע געזונדטע וואסער, האט מען פארשיט און די רוחות מיט די שדים זענען אוועק אין דעם נאענסטען שטעדטיל קינעלע, וואו עס געפינט זיך אויך א באד מיט א קרעניצע. די יוסטינאגראדער יודען זענען איצטער פרעהליך און גליקליך, דערפאר אבער קלאגען און וויינען די קינעלער יודען: קארג פאר זיי זייערע אייגענע רוחות און שדים דארפען זיי נאך האבען פרעמדע.

נאָך ערגער פֿון דעם רוּחַ איז דער בעל־שם וואָס איז יענע וואָך אַראָבגעקומען קיין האַראַדאָק (מינסק. גוב.), צו וועלכען עס האָבען אָנגעהויבען לויפֿען עֲקָרוֹת און פֿערשיעדענע קראַנקע. דער בעל־שם האָט זיך אונטערגענומען יעדען אויסהיילען נור מיט איין איינציגען רעצעפּט— „מיט גאָלד". עס איז אויך געקומען אַ יודענע און אַנידערגעלעגט פֿאַר'ן בַעַל־מוֹפֵת ח"י גולדען מיט אַ בַקָשָה ער זאָל געבען אַ רְפוּאָה פֿאַר איהר מאַן. „גוט, האָט ער געזאָגט, איך הייל אָבער נור מיט גאָלד, ברייננ מיר אַ גילדען קייטיל אָדער פֿינף האַלבע אימפּעריאַלען". און דער בעל־שם מיט זיינע צוויי נְבִאִים זענען אַוועק צום קראַנקען, וואו די יודענע האָט איהם דערלאַנגט פֿינף האַלבע אימפּעריאַלען. ער האָט באַלד געהייסען פֿערמאַכען די לאָדען און אין דער פֿינסטער פֿערבונדען אין אַ האַנדטוך די האַלבע אימפּעריאַלען און זיי אַרומגעבונדען ארום דעם קראַנקענס האַרץ, געהייסען אַזוי ליעגען דריי טאָג מיט דריי נעכט.

מיט אונגעדולד האָט מען אויסגעוואַרט די צייט און ווי פֿערוואונדערט איז מען געוואָרען אַז ווען מען האָט אויפֿגעבונדען דעם האַנדטוך האָט מען נור געפֿונען פֿינף זילבערנע פֿיערטעליך. ערשט איצט האָבען זיך די האָרעדאָווקער יודען אומגעקוקט אַז דער בעל־שם איז אַ פְּשׁוּט'ער אַפֿעריסט. מען האָט באַלד מוֹדִיעַ געווען די פּאָליציי, נאָר ישוין צו שפּעט, דער בעל־שם מיט די האַלבע אימפּעריאַלען זענען ווי אין וואַסער אַריין.—

אין דעם זעלבען פֿינסטערען שטעדטיל האָבען איינינע מַשְׂכִּילִים געוואָלט אַריינברענגען אַביסעל ליכטיגקייט, דאָס הייסט עפֿענען אַ ביבליאָטהעק. מען האָט אַ צייט דערפֿון געשפּראָכען, זאָגאָר עטליכע רובל צוזאַמענגענומען און מען האָט ב"ה געעפֿענט — אַ קאָנדיטעריי...

פֿינסטער זענען אויך אונזערע מְלַמְדִים, זיי לערנען יודישע קינדער אַלין מיט זייער אַלטע מלמדיישע מעטאָדע ד. ה. מיט פּעטש און קולאַקעס. אין דעם שטעדטיל טאָטאַרסק (מאָהיל. גוב.) האָט אַ מְלַמֵד געשלאָגען זיינעם אַ תַּלְמִיד ביז ער איז גְ׳פֿעהרליך קראַנק געוואָרען, די דאָקטוירים שרעקען זיך פֿאַר דעם קינדס לעבען און דעם מלמד האָט מען איבערגעגעבען אין סוּד.

עס קריינקט געניג צו זעהן ווי אונזער פּראָסטער עוֹלָם ליעגט אין גרויס פֿינסטערניש, נאָר נאָך שרעקליכער איז ווען דאָס זעלבע פֿינסטערניש הערשט אויך שטאַרק צווישען די וועלכע רופֿען זיך אָן מיט פֿערשיעדענע ליכטיגע נעהמען ווי „אינטעליגענטען", „אַריסטאָקראַטען", „געבילדעטע" א. ד. ג.

אין דער שטאָדט האָמעל געפֿינט זיך אַ יודישע חֶבְרָה וואָס העלפֿען אָרימע לייט, יעדער מיטגליעד דאַרף צאָהלען דריי רובל יעהרליך און לויט אוסטאַוו, ווער עס צאָהלט ניט די דריי רובל, האָט קיין דֵעָה ניט אויף די פֿערזאַמלונג פֿון דער חֶבְרָה. דער פּרעדסעדאַטעל פֿון דער חברה איז אַגעוויסער האָמלער דאָקטאָר, וועלכער איז געשעצט ביי אַלע קלאַסען מענשען. אויף דער לעצטער פֿערזאַמלונג לויפֿט אַריין אַ מיטגליעד פֿון דער חברה, אויך אַ דאָקטאָר, מיט אַ טַעֲנָה, פֿאַר וואָס האָט מען איהם ניט גערופֿען צו דער זיצונג. דער פּרעדסעדאַטעל ענטפֿערט אַז דער וואָס צאָהלט ניט קיין דריי רובל דאַרף מען ניט רופֿען. דער דאָקטאָר האָט זיך געוואָרפֿען אויף דעם פּרעדסעדאַטעל מיט קולאַקעס און מיט אַזוינע ווערטער וואָס איז ניט מעגליך איבערצוזעצען אין אונזער שפּראַכע...

צוואַנציג מענשען האָט מען געברויכט, מען זאָל די „גִבּוֹרֵי יִשְׂרָאֵל", די צוויי יודישע אינטעליגענטען צונעמען. —

אין האָמעל נור צוואַנציג מענשען און פֿאַר אומאַניער יודישע אינטעליגענציע האָט מען אין דאָרטיגען אָקרוזשנאַי סוד געדאַרפֿט האָבען הונדערט מענשען זיי זאָלען עֵדוּת זאָגען ווי שרעקליך פֿינסטער, ווי ווייט קויטיג איז די בלאָטע צווישען זיי.

פֿון אומאַן (קיעוו. גוב.) שרייבט אונזער קאָרעספּאָנדענט ה' ב—קע: אין אומאַניער אָקרוזשנאַי סוד איז פֿאָרגעקומען אַ קלינגענדער פּראָצעס, אין וועלכען עס איז פֿערמישט אונזער יודישע אינטעליגענציע. די טרויעריגע געשיכטע הויבט זיך אָן דערפֿון: זייט עטליכע יאָהר אַז ביי אונז איז געגרינדעט אַ תַּלְמוּד־תּוֹרָה, וועלכע עקסיסטירט פֿון זייטיגע נדבות און אויך 1200 רובל, וואָס מען גיט איהר יעדעס יאָהר פֿון קאָראָבאָטשנע סבאָר. איינינע מאָל האָט די „תלמוד־תורה" אויך בעקומען הילף פֿון באַראָן ד. גינצבורג. די הויפּטפֿיהרער פֿון דער ת"ת זענען פּראָוויזאָר ד' היימסקי, ה' קרעמינסקי און נאָך איינינע. אויף צופֿאַרגרעסערן די מיטעל פֿיר דער ת"ת האָט זיך געגרינדעט אַ חברה פֿון יודישע פֿרויען וואָס פּלעגען בעזונדער קלויבען נְדָבוֹת.

דאַכט זיך זעהר שען, נאָר שטעלט אייך פֿאָר, אַז אָט פֿון דער פֿרויען־חֶבְרָה האָט זיך פֿערקאָכט די גאַנצע קאַשע.

דער פּריסיאַזשנע־פּאָווערענע ה' זוו. האָט זיך בעליידיגט דערפֿון וואָס מען האָט זיין פֿרוי ניט אויסגעקליבען פֿאַר פּרעדסעדאַטעל און מען האָט גאָר אויסגעקליבען מאַדאַם האַזין (אַ פֿרויען־דאָקטאָר), איהר מאַן איז אויך אַ פּריסיאַזשנע־פּאָווערענע ד. ה. ה' זוו'ס אַ קאָנקורענט.

אין דער זעלבער צייט האָט אין אומאַן אָנגעהויבען אַרומגעהן אַ העברעאיש בלעטיל, אָהן צענזור, אין עטליכע עקזעמפּלאַרען, פֿול מיט ציניזם און שמוטציגע בלאָטע אויף די אויסגעקליבענע פֿרויען פֿון דער חֶבְרָה. דער חֲשַׁד איז באַלד געפֿאַלען אויף ה' ז. אַלס הערויסגעבער פֿון בלאָטיגען בלעטיל, אָבער ווער איז דער שרייבער אין אומאַן? דען פֿון לאַנגע יאָהרען איז בעוואוסט אַז די אומאַניער יודען קענען ניט קיין העברעאיש און זייערע קינדער לערנען זיי אויך ניט די הייליגע שפּראַך. מען האָט אָנגעהויבען זוכען אין אַלע ווינקעליך און נאָך פֿיעל מיה האָט מען ענדליך געפֿונען אַ העברעאישען שרייבער איינעם אַ יונגען מאַן מיט דעם נאָמען י. בער. די באַליידיגטע האָבען איינגעגעבען אויף זיי אין סוד, פֿון ה' היימסקע זייט צו בעשולדיגען ה' ז. איז געוועזען אין סוד דער בעוואוסטער אַדוואָקאַט ה' קופּערניק. הונדערט עֵדוּת האָט מען אַרויסגערופֿען. דער סוד האָט געדויערט פֿיער טעג. די גאַנצע צייט בין איך דאָרט געוועזען און פֿיעל בלאָטע האָב איך געזעהן צווישען אונזער יודישע אינטעליגענציע, האָטש דאָס העברעאישע בלעטיל האָט מען אין סוד געלעזען ביי פֿאַרמאַכטע טהירען. ה' ז. האָט מען פֿון דעסטוועגען בעפֿרייט, ווייל צו זיין גרויס גליק איז ער ניט קיין גרויסער העברעאיש קענער, האָט מען ניט געקענט דערווייזען אַז ער האָט דאָס בלעטיל געשריעבען, און ה' ב., וואָס האָט געהאַט דאָס אומגליק קענען אין אומאַן העברעאיש שרייבען, האָט מען פֿער'מִשְׁפָּט אויף 7 טעג אַרעסט.

אומגליקליכע העברעאישע שפּראַכע! ס'איז געוועזען אין אומאַן איין איינציגער, וואָס האָט דיך געוואָלט קענען, איז ער נעביך אויך געשטראָפֿט געוואָרען — און די אומאַניער, ווער שמיעסט נאָך די אומאַניער יודישע אינטעליגענציע, וועלען שוין פֿאַרזאָגען קינדס־קינדער זיי זאָלען זייערע קינדער, ווי ביז איצט, אויך ווייטער ניט לערנען די הייליגע שפּראַכע.

ה' זוו. איז זעהר צופֿריעדען וואָס מען האָט איהם בעפֿרייט און פֿון גרויס שִׂמְחָה האָט מען געשיקט אין אַ אָדעסער צייטונג אַ טעלעגראַם פֿון 207 ווערטער, אַז די וועלט זאָל וויסען אַז ה' ז. איז ריין ווי גאָלד.

דער סוד האָט איהם לויט זאָקאָן אָהן בעווייזע ניט געקענט בעשולדיגען, נאָר צי האָט ער זיך אָבגערייניגט פֿאַר דער וועלט, אפילו מיט דער טעלעגראַם פֿון 207 ווערטער, איז אַ גרויסע פֿראַגע. —

אַ גרויסע פֿראַגע איז אויך פֿאָרגעקומען אין באַר (פּאָדאָל. גוב.) מיט אַ יודישע כַּלָה.

די דאָזיגע כַּלָה האָט זיך איינגעשפּאַרט ניט צו געהן צו דער חוּפָּה מיט אַ דעקטוך ווי איהר מאַמע איז אַמאָל געשטאַנען אונטער דער חוּפָּה. זי האָט נור געוואָלט געהן מיט אַ ווייסען טוּל. די אַלטמאָדישע עלטערן האָבען זיך פֿיעל געקריגט מיט זייער היינטוועלטיגע טאָכטער „די אַריסטאָקראַטקע", ווי מען רופֿט זי אין שטעדטיל, נאָר וואָס טהוט מען ניט צוליעב קינדער, זי האָט טאַקי איהרס אויסגעפֿיהרט און איז געגאַנגען צו דער חוּפָּה אין אַ מַזָל'דיגער שָׁעָה מיט אַ טוּל.

ווען די כַּלָה איז שוין געשטאַנען מיט דעם חָתָן אונטער דער חוּפָּה האָט פּלוצים דער רָב דערזעהן דעם טוּל און ניט געוואָלט מְסַדֵר קִדוּשִׁין זיין. צוויי שָׁעָה איז חָתָן־כַּלָה אַזוי געשטאַנען אונטער דער חוּפָּה ביז די שטאָדט האָט זיך פֿון גרויס רַחְמָנוֹת אַריינגעמישט און קוים מיט צָרוֹת איבערגערעדט דעם רָב און ער האָט זיי מְסַדֵר קִדוּשִׁין געוועזען.

די שְׁאֵלָה ווער איז דאָ גערעכט, דער רָב אָדער די כַּלָה, ווילען מיר ניט פְּסַק'ענען, נאָר אונזער מיינונג איז אַז אַ רָב דאַרף ניט קוקען אויף כַּלוֹת...

„פין קוקען ווערט מען בלינד" זאגט א יודיש ווערטיל און פון שנאה צו א יודישער נאז איז א ווארשאווער דאמע געבליבען אהן א נאז.

מאדאם ס. האט געהאט א יודישע נאז און האט זיך געשעמט מיט איהר. וויפיעל יודען און בפרט יודישע טעכטער שעמען זיך אפט מיט דעם יודישען נאמען, נאר א נאמען איז גרינג איבערבייטען, ווי אזוי בייט מען אבער א נאז? און די מאדאם ס. האט זיך געפיהלט פאר די אומגליקליכסטע אין דער וועלט.

אויף איהר גליק האט זיך געפונען א דייטש, וואס האט אויסגעטראכט א נייע ערפינדונג, א מין מאשינקע, מיט וועלכער מען קען פון א לאנגע יודישע נאז מאכען א קורצע, פון א ברייטע א שמאלע, פון א פאריסענע נאז איין אבגעלאזטע א. ד. ג. אלערליי מינים נעז, גריכישע, ענגלישע און דייטשע.

דער דייטש האט רעקלאמירט זיין נייע ערפינדונג אין אלע צייטונגען און אין פיעל אילוסטרירטע זשורנאלען איז געווען אויסגעמאלט די אלע פערזאנען מיט די אויסגעבעסערטע נעז דורך זיין מאשינקע.

אז די מאדאם ס. האט זיך דערפון דערוואוסט האט זי זיך זעהר דערפרעהט און געקויפט אזא מאשינקע, מיט וועלכע זי האט גאנצע צוויי וואכען איבערגעמאכט די נאז לויט דעם דייטש'ס מעטאדע. די נאז איז זעהר געשוואלען געווארען און פון גרויס יסורים האט זי זיך געמוזט ווענדען צו א ווארשאווער דאקטאר, וועלכער האט געפונען אז דער ביין פון נאז איז קאליע געווארען און מען מוז איין אפעראציע מאכען ווען ניט שפיעלט זי מיט דעם לעבען.

די יודישע נאז האט מען אבגעשניטען און מאדאם ס. איז נעביך געבליעבען אהן א נאז אויף איהר גאנץ לעבען. —

און דאס אלעס נעמט זיך אויך, ליעבע לעזער, פון גרויס פינסטערניש, די האבען געהאט א שלעכט חדר, די א שלעכטע שולע און די האבען געהאט פינסטערע עלטערן, וואס האבען ניט געוואוסט און ניט פערשטאנען ווי זייערע קינדער ערציהען. —

אלעס, אלעס נעמט זיך פון פינסטערניש און אין די יודישע שטעדט אין שטעדטליך דארף מען האבען וואס מעהר ליכטיגקייט.

אמת.

---

# די פאמיליען-פאפיערען.

אדער

## זכרונות פון דוד המלך'ס פאמיליע.

פון א. ש. פריעדבערג.

---

מיין פאטער האט געהאט א ברודער פדיה, וועלכער האט געהאט א טאכטער, וואס האט געהייסען הדסה. די הדסה, דיין נאכהעריגע מוטער, איז געווען בעשטימט צו זיין מיין פרוי. אזוי האבען די ביידע ברידער צווישען זיך אבגערעדט ווען מיר זענען נאך גאר קליינע קינדער געווען. דער שידוך האט זיך פעסט געהאלטען, סאי בשעת מיין פאטער איז געווען אזוי גרויס אין קעניגליכען פאלאץ, סאי נאכדעם ווען ער איז ביים קעניג געפאלען אין אונגנאדע. אין זעקסטען יאהר פון קעניג בלשצר'ס רעגיערונג, איז הדסה אלט געווארען זעכצעהן יאהר, די צייט וועלכע איז בעשטימט געווען צו אונזער התונה. די האכצייט איז געווען א שטילע, א טרויעריגע, ווייל פאר אונז יודען איז אנגעשטאנען א שווערע פינסטערע צייט, וואס אלע האבען געשפירט די ביטערקייט פון גלות. פיעל מענשען האט מען אויף דער התונה ניט געבעטען, און זעהר וועניג זענען אויף דער שמחה געקומען. און וואס פאר א שמחה האט דא געקענט זיין אהן מוזיק, טאנצען איז גאר קיינעם נישט אויפ'ן זינען געקומען, דען ווי קענען זיך די פיס הויבען, ווען דער קאפ איז אראפגעלאזען צו דער ערד, אין גרויס טרויער. ביי אלע אונזערע לייט איז דאמאלס איינגעפיהרט געווען, אז אויף יעדער שמחה וואס מאכט זיך ביי פאמיליען, זאל מען זיך דערמאנען אן דעם חורבן-ירושלים, כדי מע זאל געדענקען דאס שלעכטס וואס בבל האט אונז געטהון, און ניט אויפהערען צו בענקען א היים, דארט וואו עס איז אונזער פערלאזען טייער, הייליג פאטערלאנד. מיין חבר, יהושע בן יהוצדק, נעהמט די הארפע און שפיעלט „על נהרות בבל", די טרויעריגע מעלאדיע האט אונז טיעף אין הערץ געגריפען, און ביים פסוק „אם אשכחך ירושלים" האט עס אונז א הייב געטהון פון ארט, מיר אלע האבען זיך אויפגעשטעלט און געזונגען אין כאר:

פערפוילט זאל אבפאלען מיין רעכטע האנד,
ווען איך דיך, ירושלים, פערגעסע,
פערדארט זאל מיין צונג אין מויל מיר ווערען,
ווען איך דיך, טייערע, ניט מעהר דערמאנע,
ווען איך דיך, ירושלים, ניט געדענקע,
אויף יעדער שמחה וואס וועט ביי מיר זיין!

נאך דיעזער שרעקליכער אויפרעגונג הייבט אן יהושע אונז צו טרעסטען מיט דער נבואה פון ישעיה הנביא (מ"ה), אז גאט וועט געבען קראפט צו כורש דעם קעניג פון פרס:

ער וועט איהם שטארקען זיין רעכטע האנד,
פעלקער איינצונעהמען, מלכים אראפצווארפען,
אייזערנע שלעסער צו ברעכען,
פרעמדע טהיר און טויער אויפצורייסען,
צוליעב יעקב זיין טרייען קנעכט,
צוליעב זיין אויסערוועהלט פאלק ישראל.

מיר אלע האבען זיך ווידער אויפגעהויבען, און געזונגען אין גאט'ס נאמען דעם טרייסטפאלען פסוק:

מיינע גערעכטיגקייט איז ניט מעהר ווייט,
מיינע רעטונג איז ניט מעהר שפעט.
איך גיב גלייך מיין רעטונג צו ציון,
איך לעג גלייך מיין גלאנץ אויף ישראל.

אזוי האבען מיר זיך געטרייסט מיט די הייליגע געטליכע ווערטער, און כיי גלעזער ווייך די הערצער דערווארעמט מיט טרייסט אויף בעסערע צייטען. מיט איינמאל איז געווארען א טומעל, א בהלה, אייזערנעם געוועהר האט געקלונגען: כאלדעאישע פאליציי האט זיך אין הויז אריינגעבראכען, אונז אלע מאנסלייט געשמידט אין קעטען. די פרויען זענען געווארען שטום פאר שרעק, איינינע זענען געפאלען אין אהנמאכט, אונז אבער האט מען ניט צוגעלאזען זיי מינטערן, מען האט אונז אלע גלייך אין דעם בעוואוסטען געפענגניס אבגעפיהרט.

איינינע מאנאטע זענען מיר געזעסען אין דער שרעקליכער תפיסה, ביז מען האט אונז גע'משפט צום טויט: מען זאל אונז אלע אויפהענגען און יהושע בן יהוצדוק לעבעדיג פערברענען. קיים איז בעקענט געווארען דער פסק, איז געווארען א יאמער און קלאג אין יודישען קווארטאל, אלע אמתע יודען האבען אונז זעהר בעוויינט און בעטרויערט. נאר אונזערע איינענע שונאים, די פאלשע ברידער, האבען פון זיי געלאכט און אונז צום געשפעט געמאכט.

דאמאלס האט נאך געלעבט די מלכה אמיתית, די אלמנה פון אלטען נבוכדנצר, וועלכע איז צו מיין מוטער קציעה אמאל זעהר גנעדיג געווען. צו דיעזער אלטער מלכה איז מיין מוטער איצט צו די פיס געפאלען, איהר דערמאנט ווי געטריי איהר שאלתיאל איז געוועזען צו איהר אויל-מרדך, און געוויינט און געבעטען זי זאל איצט רחמנות האבען און אונז העלפען. די אלטע מלכה איז גערידהרט געווארען פון מיין מוטערס קלאגע און איז געגאנגען צום קעניג בלשצר פון איהם גנאדע צו בעטען. דער קעניג האט איהר נישט געקענט גאנץ ענטזאגען, און האט אונזער פסק ערלייכטערט אויף די פונקטען: אלע חתונה-לייט, אויך יהושע בן יהוצדק, זאלען אבגעפיהרט ווערען אויף שווערע ארבייט (קאטארגא), צו בויען די פעסטע וואנד, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען אויף דער גרענצע פון מדי, צווישען די טייכען פרת און חדקל, כדי דער היל פון פרס, וואס איז דאמאלס פעראייניגט געווארען מיט מדי זאל ניט קענען אנפאלען אויף די כאלדעאישע מדינות. מיין פאטער, דער פירשט פון אלע יודען וואס געפינען זיך אין כאלדעאישער מלוכה, זאל פון בבל ארויסגעטריבען ווערען, אבער ניט אויף די זייט וואו דער וועג פיהרט נאך ארץ-ישראל, נאר אויף די אנדערע זייט, וואו דער

וועג געדט נאָך פרס — דאָס זאָל זיין דער פסק דערפֿאַר וואָס ער האָט געהאָפֿט אויף די הילף פֿון קעניג כורש. „זאָל ער זיך געהן צום קעניג כורש — האָט בלשצר געזאָגט — און ווי כורש אַזוי וועט ער אויך ניט זוכה זיין מיין לאַנד מעהר מיט זיינע אויגען צו זעהן".

דעם קעניגס בעפֿעהל איז געשעהן: איך און יהושע און אַלע אונזערע קרובים און פֿריינדע וואָס זענען אויף מיין האָכצייט געוועזען, זענען אין קעטען געשמידט אָבגעפֿיהרט געוואָרען צום גרעניין פֿון מדי, צו אַרבייטען ליים און ציגעל צו פֿערשטערקונג פֿון דער פֿעסטונג. מיין פֿאָטער האָט מען אָבגעשאָרען אַ האַלבע באָרד, אָבגעשניטען די קליידער, צו שאַנדע אַלס אַרעסטאַנט, און אַרויסגעשיקט אויף יענער זייט גרענצע. אונזערע פֿרויען זענען מיט אונז מיטגעגאַנגען. מיין מוטער איז אַוועק מיט'ן פֿאָטער נאָך דער שטאָדט עקבאַטאַנאַ, די רעזידעניין פֿון פרס־ומדי, און מיין עדלע פֿרוי איז אַוועק מיט מיר, צו זיין אַ קעכין פֿאַר אונז אַלע, מיר זאָלען קענען פֿאַר אונזער אייגען געלד עסען בעזונדער כשר'ע שפייזע. מיט דער צייט זענען מיר צו דער שווערער אַרבייט געוואָהנט געוואָרען; מיר האָבען אויפֿגעהערט צו זאָרגען און פֿעסט געהאָפֿט אויף באַלדיגער ערלעזונג. אַ סימן איז פֿאַר אונז געוועזען וואָס מען האָט אונז ניט פֿערמשפּט צום טויט, אַ בעוויז אַז גאָט וויל ערהאַלטען די פֿאַמיליע פֿון דוד־המלך, ווי ער האָט עס אַמאָל פֿערשפּראָכען. יהושע האָט עס אויך געהאַלטען פֿאַר אַ סימן וואָס ער איז לעבען געבליעבען — אַ בעוויז אַז ער וועט נאָך זוכה זיין צו ירשנען די כּהונה־גדולה נאָך שׂריה זיין עלטערפֿאָטער, וואָס איז געוועזען דער לעטצטער כּהן־גדול פֿאַר דעם חורבן־ירושלים. דאַמאָלס האָב איך אַ נדר געטהון: ווען גאָט וועט מיר העלפֿען איך וועל צוריקקומען קיין ארץ־ישראל אין אונזער הייליגע שטאָדט ירושלים, וועל איך גאָר ניט קוקען אויף מיין פּרינצענטיטעל און גלייך מיט אַלע אַרבייטען צום אויפֿבוי פֿון דער פֿערוויסטער שטאָדט און די זעלבע מויערקעלניע וואָס איך האַלט אין דער האַנד ביי דער אַרבייט אַן דער בעפֿעסטיגונג פֿון דער שטאַרקער מויער פֿון לאַנד בבל, וועט מיר דיענען צור אַרבייט ביי דער בעפֿעסטיגונג פֿון ירושלים.

דער נאָמען פֿון כורש איז דאַמאָלס געוואָרען זעהר גרויס, זיין גבורה האָט איבער דער וועלט געקלונגען. און ווי פֿון יעדען בעריהמטען מענשען האָט מען פֿון איהם גאָר וואונדערליכע זאַכען ערצעהלט. פֿאָלגענדעס איז די געשיכטע פֿון דעם בעריהמטען קעניג, וואָס איז בעשטימט געוועזען פֿון גאָט ער זאָל אונזערע יודען אויסלייזען פֿון גלות.

אינ'ם לאַנד מדי איז געוועזען אַ קעניג מיט'ן נאָמען אַסטיאַגעס. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער וואָס האָט געהייסען מאַנדאַנע. איינמאָל חלומ'ט זיך דעם קעניג אַ וואונדערבאַרער טרוים: פֿון זיין טאָכטער מאַנדאַנע איז אַרויסגעוואַקסען אַ גרויסער בוים וואָס האָט מיט זיין שאָטען דאָס גאַנצע לאַנד פֿערדעקט און אויך זיין פּאַלאַץ פֿערדונקעלט. דער קעניג שטעהט ערשראָקען אויף און לאָזט אַלע זיינע חכמים און שטערנזעהער און מכשפים צוזאַמענרופֿען, און פֿערלאַנגט פֿון זיי איהם די בעדייטונג פֿון דעם חלום צו זאָגען. זיי האָבען איהם ערקלערט פֿאָלגענדעס: זיין טאָכטער וועט אַמאָל אַ זוהן געבוירען, וועלכער וועט דאָס גאַנצע לאַנד איינגעהמען און איהם אויך. דער קעניג ווערט זעהר בעזאָרגט, און קומט אויף אַזוי איין איינפֿאַל: דאָס לאַנד פרס איז זעהר קליין און אָרים, דאָרט איז דאָ אַ שוואַכער פּאַשאַ קאַמביזעס. דעם רוהיגען מענשען וועט ער זיין טאָכטער געבען פֿאַר אַ פֿרוי, און אַזעלכער וועט איהם קיין מאָל ניט געפֿעהרליך זיין. אין אַ יאָהר אַרום האָט מאַנדאַנע איהר מאַן קאַמביזעס אַ זאָהן געבוירען, זיי רופֿען איהם כורש, דאָס הייסט אויף פּערזיש „שיינענדע זון". גראָדע אין דער זעלבער צייט חלומט זיך דעם אַסטיאַגעס נאָך אַ מאָל דערזעלבער טרוים. דאַמאָלס איז ער נאָך מעהר דערשראָקען געוואָרען. ער בעפֿעהלט תיכף מען זאָל דאָס קינד אָבנעהמען פֿון די עלטערן און צו איהם ברייגנען. און אַלס מען ברייגנט צו איהם דאָס קינד, גיבט ער עס איינעם פֿון זיינע הויפֿלייטע, האַרפּאַגוס, און בעפֿעהלט איהם ער זאָל דאָס קינד אַרויפֿטראָגען אויף אַ הויכען באַרג, און דאָרט לאָזען ליגען ביז עס וועט פֿאַר הונגער שטאַרבען אָדער אַ חיה־רעה וועט עס אויפֿעסען. האַרפּאַגוס איז אָבער געוועזען איין עדלער מענש, עס האָט איהם

דאָס האַרץ ניט געלאָזען אַזעלכעס צו טהון, האָט ער עס אַוועקגעגעבען זיינעם אַ הירטען (פּאַסטוך) ער זאָל עס טהון פֿאַר איהם. דער הירט אָבער האָט אויך ניט געהאַט דאָס האַרץ אַ אונשולדיג קינד צו טעדטען. גראָדע איז ביי איהם דאַמאָלס איין אייגען נייגעבאָרענעס קינד געשטאָרבען האָט ער גענומען זיין קינד, געוויקעלט עס אין די ווינדעליך פֿונ'ם לעבעדיגען קינד און אַוועקגעטראָגען אויף אַ באַרג, און דאָס לעבעדיגע קינד איבערגעלאָזט ביי זיך. דעם אַנדערען טאָג געהט ער צו האַרפּאַגוס און פֿיהרט איהם אויף דעם באַרג און ווייזט איהם אַז דאָס קינד איז ערפֿראָרען און טוידט. האַרפּאַגוס האָט עס געמעלדעט דעם קעניג אַסטיאַגעס, וועלכער האָט איהם געדאַנקט און איז שוין געוואָרען גאַנץ בערוהיגט.

דערווייל וואַקסט זיך כורש ביים הירטען אין הויז, ווערט גרויס און שען און קלוג, און ווייל ער איז געוועזען דער שענסטער און קלינגסטער פֿון אַלע חברים, האָבען זיי איהם אין זייערע שפּיעלע געמאַכט צום קעניג. איינמאָל איז געקומען אַ אַריסטאָקראַטישעס קינד, דער זוהן פֿון אַ גרויסען הערען, מיט זיי צו שפּיעלען. זיי האָבען דאַמאָלס געשפּיעלט אין סאָלדאַטען און כורש איז געוועזען דער גענעראַל, ער האָט יעדען אויף זיין פּלאַץ געשטעלט אין אָרדנונג צו מוסטירען. דעם אַריסטאָקראַטישען יונגעל האָט ער אויך זיין אָרט בעשטימט; דעם יחסן איז אָבער ניט אָנגעשטאַנען דעם הירטען־זוהן צו פֿאָלגען. כורש קאָמאַנדירט צו מאַרשירען — ער ריהרט זיך פֿון אָרט ניט. כורש ווערט בייז, און קלאַפּט איהם גוט אויס. לויפֿט דער געשלאָגענער צו זיין פֿאָטער און דערצעהלט איהם וואָס פֿיר אַ פּסק ער האָט געהאַט פֿונ'ם הירטען־יונגעל. דער פֿאָטער איז גלייך אַוועק צום קעניג אַסטיאַגעס און פֿערלאַנגט מען זאָל דעם הירטענקנאַבען משפּט'ן צום טויט, דערפֿאַר וואָס ער האָט געהאַט די העזה אַ קינד פֿון אַ קעניגליכען הערען אַזוי צו שלאָגען. דער קעניג בעפֿעהלט דאָס יונגעל פֿאַר איהם צום משפּט צו ברייגנען. דער קעניג פֿרעגט איהם, ווי האָט ער עס געוואָגט אַזוי צו בעהאַנדלען דאָס קינד פֿון אַ גרויסען הערען. דאָס קלוגע יונגעל ענטפֿערט: „אדוני קעניג, דער יונגע האָט פֿערדיענט זיין פּסק. אונזער גאַנצער חברה האָט מיך אויסגעקליבען צום קעניג אין אונזערע שפּיעלען. קוים האָט ער געוואָלט שפּיעלען מיט אונז צוזאַמען, זאָ מוז ער אונזערע געזעצע געהאָרכען. איך האָב מיין קאָמאַנדאָ געגעבען, אַלע האָבען געפֿאָלגט ווי עס בעדאַרף צו זיין. נאָר ער איינער האָט געטוהן מיר אויף להכעיס. היינט זאָג מיר, אדוני קעניג, ווי טהוסט דו מיט דעם וואָס הערט דיך נישט? ווי דו טהוסט אין דיין מלוכה, אַזוי האָב איך געמוזט טהון אין מיין מלוכה, אַנדערש וואָלט איך ניט ווערט געוועזען מלך צו זיין". אַסטיאַגעס האָט זיך זעהר פֿערוואונדערט אויף די קלוגע אַנטוואָרט פֿון דעם הירטען־יונגעל, און קוקענדיג אויף איהם איז איהם אַריין אין זינען די געשטאַלט פֿון זיין טאָכטער מאַנדאַנע, דען ער איז געוועזען אַ אמת'ע קאָפּיע פֿון איהר. ער שיקט זאָגלייך נאָך דעם הירטען און פֿרעגט איהם האַסטיג: „ווער האָט דיר דאָס קינד געגעבען?" פֿון דער פּלעצליכער פֿראַגע איז דער הירט צעמיישט געוואָרען און האָט איהם גלייך דעם גאַנצען אמת אויסגעזאָגט. תיכף האָט ער געשיקט נאָך האַרפּאַגוס ער זאָל פֿאַר איהם קומען. אַלס האַרפּאַגוס קומט און זעהט דעם הירטען און דאָס יונגעל, האָט ער באַלד פֿערשטאַנען אַז דער קעניג ווייסט אַלעס, איז ער געפֿאַלען צו די פֿיס און איהם גלייך מודה געוועזען אויף אַלעס. האַרפּאַגוס האָט זיך שוין ניט גערעכט צו בלייבען לעבען, אַסטיאַגעס אָבער האָט איהם פֿריינדליך אויפֿגעהויבען און געזאָגט: „ווען דאָס קינד איז לעבען געבליבען, איז עס מן־הסתם אַזוי בעשערט, און איצט פֿרעה איך מיך וואָס איך האָב אַזאַ וואויל אייניקעל געווינען". פֿון פֿריידע דאַריבער מאַכט דער קעניג אַ גרויס מאָהלצייט, און אויך האַרפּאַגוס אויף דער שמחה איינגעלאַדען. דערביי האָט ער פֿון איהם פֿערלאַנגט, ער זאָל זאָגלייך שיקען זיין קליינעם זוהן, זיך מיט כורש צו שפּיעלען. האַרפּאַגוס איז מיט פֿריידען אַ היים געגאַנגען, און באַלד זיין קליינעם זוהן אַהין געשיקט. דאָס איז ביי איהם גערעכנט געוועזען אַלס בעזונדערע גנאָדע, אַז זיין זוהן זאָל זיין דער חבר, צו שפּיעלען מיט דעם קעניגס נייגעפֿונען אייניקעל.

אַ שענע גנאָדע! קוים איז האַרפּאַגוס קינד אָנגעקומען, האָט מען עס אויף בעפֿעהל פֿון אַסטיאַגעס גלייך געבראָכט אין דער קיך, דאָרט

געקוילעט, צושניטען און צורעכט געמאַכט, אין אַ פֿאַנע געלעגט, אויסגעבראַטען און אוף'ן מאַהלצייט דעם הארפּאגוס אַלס גערי͏כט צום טיש געבראַכט. דער אומגליקליכער פֿאַטער ווייסט פֿון קיין זאַך נישט און עסט זיך גאַנץ רוהיג פֿון דעם געשמאַקען בראָטען. נאכ'ן עסען פֿרעגט איהם אַסטיאַגעס: "נו, ווי האָט דיר דער היינטיגער בראָטען געשמעקט?" — אויסגעצייכענט — ענטפֿערט הארפּאגוס צופֿריעדען — דאס פֿלייש האָט געהאַט אַ זעלטען גוטען טעם, עס איז פּשוט צוגאַנגען אין מויל.

אויף אַ ווינק פֿונ'ם קעניג טראגען די קנעכט אַריין אַ פֿערדעקטען קעסעל, און אַסטיאַגעס הייסט זיי אַראָפּנעהמען דאָס דעקעל און שטעלען פֿאַר הארפּאגוס, ער זאָל דערקענען פֿון וואס דער בראָטען איז געוועזען. הארפּאגוס טהוט אַ קוק און עס ווערט איהם פֿינסטער אין די אויגען: ער דערקענט דעם בלוטיגען קאָפּ און די הענדליך און פֿיסליך פֿון זיין קינד. אבער אויס פֿורכט פֿאַר דעם גרויזאַמען אַסטיאַגעס פֿאַלט ער איהם צו די פֿיס און רופֿט: "אַך, מיין גרויסער קעניג, ווי גרויס דו ביסט אַזוי שרעקליך איז דיין צאָרן!"

אַסטיאַגעס האט איהם מעהר גאר נישט געטהון און איהם געלאָזען ביי זיך אויף דער זעלבער שטעלע ווי פֿריהער. דערווייל האבען די שטערנזעהער בערוהיגט דעם קעניג, איהם זאגענד: "דאס קינד האט געזאלט זיין אַ גרויסער קעניג, לויט דעם חלום וועלכען דו האסט געזעהן ביי זיין געבורט. נאָר ער איז שוין געוועזען קעניג אין שפּיעלען מיט די קינדער, איז שוין דער חלום מקוים געווארען. איצט האסט־דו זיך ניט מעהר פֿאַר איהם צו פֿירכטען".

אַסטיאַגעס האט זיך זעהר ערפֿרעהט. ער שיקט נאך זיין טאַכטער און איידעם, און גיבט זיי אָב זייער זוהן, און זיי האָבען איהם מיט זיך נאך פּרס גענומען.

הארפּאגוס האט אבער די רציחה פֿון אַסטיאַגעס ניט פֿערגעסען, און אַלס כורש איז אין פּרס אויסגעוואַקסען און אַ גרויסער העלד געווארען, קומט צו איהם הארפּאגוס צו גאַסט און פֿערטרויעט איהם די גאַנצע געשיכטע פֿון זיין קינדהייט און רעדט איהם איין, ער זאָל נקמה נעהמען פֿון זיין גרויזאַמען טיראַנישען גרויספֿאַטער, און גיבט איהם עצות ווי ער זאָל עס אויספֿיהרען. כורש האט זיין ראַטה געפֿאָלגט. גלייך נאך הארפּאגוס אַברייזע רופֿט ער די פּערזער צוזאַמען און לעגט זיי עס פֿאָר. די פּערזער האבען שוין לאַנג געטראָגען פֿערדרוס אויף אַסטיאַגעס וואס ער דריקט זייער אָרים לאַנד מיט שווערע אָבגאַבען (פֿאָדאַטקעס), האבען זיי מורד געווען אינ'ם קעניג פֿון מדי און כורש'ן צום קעניג פֿון פּרס אויסגערופֿען. אַז די נאַכריכט איז אָנגעקומען צו אַסטיאַגעס, איז ער זעהר צאָרניג געוואָרען און בעפֿעהלט הארפּאגוס ער זאָל געהען מיט זיין בעסטען חיל אויף פּרס און די מורדים האַרט בעשטראָפֿען. הארפּאגוס איז מיט זיין חַיִל אַרויס — און זיך גלייך איבערגעגעבען צו כורש'ן. אַלס אַסטיאַגעס האט זיך דערפֿון דערוואוסט, איז ער שרעקליך ערגרימט געווארען, האט גלייך אַלע זיינע טרוימדייטער די קעפּ אָבגעהאַקט און אַליין אַרויס מיט אַ נייעם חַיִל, זיך אָבצורעכענען מיט זיין עמפּערטען איינִיקעל. עס קומט צו אַ גרויסער מִלְחָמָה ביי דער פֿאַרצייטיגער פּערזישער הויפּטשטאָדט פּאַזע־גאַדע. אַסטיאַגעס חַיִל האט דאָ־ט געהאַט אַ גרויסע מַפָּלָה, און ער אַליין איז אַריינגעפֿאַלען געפֿאַנגען אין די הענד פֿון כורש'ן. דאָך האט כורש איהם גאר ניט געטהון, ער האָט איהם געהאַלטען ביי זיך אין כָּבוד אויף זיין גאַנץ לעבען, אָבער זיין לאַנד האט ער צוגענומען, און איז אַלזאָ געוואָ־רען קעניג איבער די פֿעראייניגטע מאָנאַרכיע פֿון פּרס־ומדי.

פֿון דאַמאָלס אָן איז זיין נאָמען אימער געוואָרען גרעסער, אַזוי אַז דאָס מעכטיגע בבל האָט אָנגעהויבען פֿאַר איהם צו פֿירכטען. דער קעניג פֿון בבל האט זיך פֿעראייניגט מיט אַנדערע נאָהענטע מְלָכִים אום גענגען דעם העלדען פֿון פּרס אין שטרייט צו געהן. דער גרעסטער פֿון די מְלָכִים איז געוועזען קרעזוס, דער קעניג פֿון לידיען, אַ שוואָגער פֿון אַסטיאַגעס, דעם געוועזענעם קעניג פֿון מדי, און אַ שְׁכֵן־ביי דער גרעניץ פֿון פּרס. אויס פֿורכט פֿאַר זיין אייגענע מְלוּכָה און אויס נְקָמָה צו נעהמען פֿאַר זיין שוואָגער האָט ער ניט געהאַט די געדולד צו וואַרטען אויף די אַנדערע מְלָכִים און האָט באַלד אויסגערופֿען קריעג אויף כורש.

(פֿרטזעטצונג קומט).

# אַ פְּרִיהְלִינְגְס־לִיעד.

(געווידמעט מיינער ליעבען "צִיוֹנָה" אין גְרַאדְנָא).

עֶס שְׁטְרַאהְלְט און בְּלִיהְט אַ נֵייעֶר פְּרִיהְלִינְג,
עֶס קְלִינְגְען נֵייעֶ הֶעלֶע לִיעדֶער,
און זַאפְט און קְרַאפְט און נֵייעֶר לֶעבֶּען
פּוּלְט אָן דִי שְׁוַואכֶע קְרַאנְקֶע גְלִיעדֶער.

עֶס אִיז נָאךְ קֶעלְט, נָאךְ לַאנְגֶען ווִינְטֶער
אַ נֵייעֶ שֶׁענֶע צֵייט גֶעקוּמֶען, —
עֶס בְּלִיהֶען בּוֹימֶען אִין דֶעם מִדְבָּר,
אוֹיף קְבָרִים וַואקְסֶען פְּרִישֶׁע בְּלוּמֶען.

עֶס קְלִינְגְט אַרוּם, עֶס זִינְגְט, עֶס צִיטֶערְט -
דִי נַאטוּר־נַאטוּר בֶּעניִיט זִיךְ ווִיעדֶער;
עֶס קְלִינְגְט און זִינְגְט אִין אוּנְזֶער לֶעבֶּען,
עֶס קְלִינְגֶען אוּנְבֶּעקַאנְטֶע לִיעדֶער.

מִיר זֶעהֶען לִיכְטִיגֶע חֲלוֹמוֹת
ווִי פְּרִישֶׁע פְּרִיהְלִינְגְס־בְּלוּמֶען בְּלִיהֶען,
אַ נֵייעֶ יוּגֶענְד, נֵייעֶ כּוֹחוֹת,
און נֵייעֶ ווֶערְטֶער: פְּרֵייהַייט! צִיוֹן!

עֶס מַאכְט אוּנְז פְּרֵיי און שְׁטַאלְץ און גְלִיקְלִיךְ
אַ נֵייעֶר מֶעכְטִיגֶער גֶעדַאנְקֶען,
עֶס מַאכְט דִי פְרֵייד און הָאפְנוּנְג צִיטֶערְן
דֶעם שְׁוַואכֶען עֶלֶענְדֶען און קְרַאנְקֶען.

עֶס קְלִינְגְט צוּם פָאלְק פוּן אַלֶע זַייטֶען:
"שְׁטֶעה אוֹיף צוּם נֵייעֶם, פְּרֵייעֶן לֶעבֶּען!
מִיר ווִילֶען דִיר דִי גַאנְצֶע כּוֹחוֹת
און אוּנְזֶער מוּטֶה, און יוּגֶענְד גֶעבֶּען;

אִין גָלוּת, קְנֶעכְטְשַׁאפְט און אִין קֵייטֶען
אִיז נָאךְ נִיט אַלְץ בַּיי אוּנְז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
פַאר אוּנְזֶער פָאלְק און לַאנְד, און פְּרֵייהַייט
אִיז אוּנְז נִיט שְׁווֶער דֶער גְרֶעסְטֶער קָרְבָּן!

מִיר הֵייבֶּען אוֹיף דִי פָאהְן פוּן צִיוֹן,
מִיר לַאכֶען, ווֵיינֶען, צִיטֶערְן, הָאפֶען,
עֶס אִיז בֶּענָאסֶען אַלְץ מִיט שְׁטְרַאהְלֶען
אַ נֵייעֶר הִימֶעל אִיז אוּנְז אָפֶען..."

עֶס גְלֶענְצְט, עֶס שַׁיינְט דִי זוּן אִין מִזְרָח
אִין צִיוֹן רִיהְרְט זִיךְ עֶפּיס ווִיעדֶער,
עֶס שְׁטְרַאהְלְט און בְּלִיהְט אַ נֵייעֶר פְּרִיהְלִינְג,
עֶס קְלִינְגֶען נֵייעֶ הֶעלֶע לִיעדֶער...

ל. יפה.

# די יודישע וועלט.

עסטרייך. *** דער דריטער ציוניסטען קאָנגרעס וועט זיך אָנהייבען דינסטאג דען 15 אויגוסט און וועט דויערן 4 טעג. אין די מייסטע שטעדט זענען די דעלעגאַטען שוין אויסגעקליבען געוואָרען און לויט „דיא-וועלט" בערעכענט וועט דאָס יאָהר דער קאָנגרעס פֿון מעהר דעלעגאַטען בעזוכט זיין ווי די ערשטע 2 קאָנגרעסען. דאס אַקציאָנסקאָמיטע ערקלערט אין דער „וועלט", אַז דאָס וואָס מען האָט איהם פֿאָרגעוואָרפֿען אַז עס וויל נישט צו-לאָזען אַזעלכע דעלעגאַטען וועלכע זענען בעטייליגט אין חברות פֿון קאָלאָניזאַציאָן איז נישט אמת. דאָס איז נור געווען די דעה פֿון איין איינציגען שרייבער וועלכער האָט אַזאַ עצה געגעבען; אָבער דאס קאָ־מיטע האט גאָר נישט דאָס אין זינען געהאָט און קאָן איבערהויפּט אַזעלכע בעשליסע אָהן דעם קאָנגרעס נישט—מאַכען.

** אין לעמבערג איז פאריגען חדש געווען א גרויסע קאנפערענץ פון איבער הונדערט דעלעגאטען פון ציוניסטישע חברות אין גאליציען. מען האט געהאפט אז די קאנפערענץ וועט ברענגען גרויסען נוטצען און זיא וועט איין ענדע מאכען אלע מחלוקת'ן צווישען די גאליצישע ציוניסטען, וועלכע זענען געטיילט אין 2 פארטייען זייט דעם צווייטען קאנגרעס. ליידער האט מען א גרויסען טעות געהאט. יוער עס האט זיך בעטהייליגט אין דער קאנפערענץ און זיך גוט צוגעקוקט און צוגעהערט צו אלעמען מוז מודה זיין, אז אזעלכע אסיפות זענען וועניג וואס נאטהווענדיג און דער ציוניזם וואלט זיך אהן זיי אויך געקאנט בעגעהן.

** דערפאר אבער איז ביי ד/ר אסיפה פון די גאליצישע ציוניסטישע שטודענטען וועלכע איז געווען עטליכע טעג שפעטער אין לעמבערג זעהר וויכטיגע זאכען בעשלאססען געווארען. די יונגע לייט האבען בעוויזען אז דער ציוניזם און איבערהויפט דער יודיש נאציאנאלער געדאנק איז ביי זיי טיעף איינגעווארצעלט אין הארצען און זיי מיינען עס זעהר ערענסט וייער פאלק צו דיענען מיט אלע כחות. דער שטודענטען-קאנגרעס וועט יעדעס יאהר צוזאמענגעקומען.

*

רוסלאנד. -- פון ניקאלאיעוו, וואו ס'זענען געווען די אונרוהען מיט די עקסצעסען קעגען יודען, שרייבט מען דער צייטונג „ויאלין" בזה הלשון: „די ווירקליכע אורזאכע פון די אונרוהען וויס מען נאך ביז היינטיגען טאג ניט אויף ריכטיג. די שטיינער, וואס זיין געפלויגען אין די גאסען, האבען געטראפען יודען און קריסטען גאר גלייך. דער היזק אין גאנצען בעטרעפט ביז הונדערט מיט צעהן טויזענד רובעל. געליטען האבען אם מעהרסטען די מיטעלע און די קליינע סוחרים, אויך מאנכע בעלי-מלאכות. 74 פאמיליעס זענען געבליבען פשוט אהן שום מיטלען צום לעבען. דער קאמיטעט, וואס איז געגרינדעט געווארען אין ניקאלאיעוו, קלייבען נדבות פאר די בערויבטע, רעכענט אז פערציג טויזענד רובעל וועט קלעקען, צו געבען די פאמיליעס כלי-בית און העלפען זיי צוריק זיך נעהמען צו זייערע מסחרים. די ניקאלאיעווער בעלי-צדקות וועלען קוים קוים קענען געבען ביז 6 טויזענד רובעל. דאס קאמיטעט האפט, אז די איבריגע וועלען אריינשיקען די גוטהערציגע מענשען פון אנדערע שטעדט".— מיר האפען אויך אז אונזערע יודען וועלען געדענקען צו שטיצען זייערע אונגליקליכע פערוויסטע ברידער...

— דער צייטונג „סין אטעטשעסטוואָ" שרייבט מען פון סאראטאוו: „אין די לעצטע 10 יאהר בעמערקט מען זעהר פיל יודען ביי דער וואלגא, זיי נעהמען א גרויסען אנטהייל אין דעם האנדעל פון תבואות, נאפט און פיש. דאס רוב פון זיי זינען קאמיסיאנערען. בעזונדערס זיינען אנגעקומען פיל יודען אין סאראטאוו און צאריצין. מאנכע בעשעפטיגען זיך ביי די פיש מיט איינפאכע מלאכות: טראגען און פאקען. דאס אנלויפען פון יודען ביי דער וואלגא איז שטארק ניט געפעלען געווארען אייניגע היימישע סוחרים, זיי האבען אנגעהויבען שטארק טהון אין דער זאך, ביז די בעהערדע האט זיך שוין גענומען בעשעפטיגען מיט דער „יודען-פראגע".

„אויף בעפעהל פון מיניסטער דעם אינערען איז אין סאראטאוו געזעצט געווארען א בעזונדערע קאמיסיע, און דער גובערנאטאר איז דער פארזיצענדער פון איהר. די אויפגאבע פון דער קאמיסיע איז צו בעטראכטען און חוקר-ודורש זיין אויב די יודען ברענגען נוצען דעם האנדעל ביים וואלגא און קאספישען ים אדער זיי שאדען, די קאמיסיע, אין וועלכע עס געפונען זיך מענשען פון פערשידענע קלאסען, האט איינגעזעהן אז *יודען ברענגען נור נוצען דעם האנדעל און מען ברויך זיי צו האבען אין יענע מקומות*".

— דען 13 מאי איז אין שטאדט ארגעיעוו (בעסאראביען) געלעגט געווארען דער ערשטער פונדאמענט-שטיין פון א אייגען הויז אין דער פערמע צו לערנען יודישע קינדער ערדארבייט. דאס געלט דערצו האט געגעבען די קאלאניזאציאנס געזעלשאפט פון באראן הירש ז"ל. מען האט געמאכט א שענע צערעמאניע, די קינדער פון דער פערמע האבען געזונגען דעם רוסישען הימען פאר'ן לעבען פון קייזער, אויך האבען זיי געזאגט א תפלה עס זאל געהן רעגען. דעם ערשטען שטיין האט געלעגט דער רב פון שטאדט, נאכדעם האט איינער פון די שענסטע לייט געלעזען א חשבון, וואס די פערמע האט אויפגעטהון אין דעם ערשטען יאהר.

די דאזיגע פערמע איז געגרינדעט געווארען אין פאריגען יאהר. דאמאלס האט מען גערונגען עק שטאדט א קליין הייזעל און מודיע געווען דעם עולם אז מען נעהמט דארט אריין קינדער וואס ווילען לערנען ערד-ארבייט. עס האבען זיך באלד געפונען ביז 30 אזעלכע קינדער און פון זיי האט מען אויסגעקליבען 13, איינער פון די וואס די שטאדט קעהר צו זיי, פליגעל-אדיוטאנט זיווקאוויטש, האט געשענקט פיער דעסיאטין ערד. אין דער ערשטער צייט זיינען די קינדער געגאנגען אלע פריהמארגען דריי ווי'ארסט אויסערן שטאדט און אויף דער נאכט געקומען צוריק; איין יונגעל האט זיי געטראגען פון שטאדט אין פעלד עסען. נאכדעם האט מען פאר זיי געמאכט אויפ'ן פעלד א געצעלט און דארט האבען זיי פערבראכט א גאנץ זומער. זיי האבען געארבייט זעהר פלייסיג. אויסער דאס אקערען, וואס איז געוועהנליך צו שווער פאר קינדערשע כחות, האבען זיי אליין געטהון אלע איבריגע ארבייטען און זיי האבען די ארבייט ליעב געקריגען.

שפעטער איז געקומען צופאהרען די שלוחים פון דער קאלאניזאציאנס חברה, געזעהן די פערמע, זי איז זיי געפעלען און ס'איז בעשטימט געווארען 500 רובעל צו בויען א הויז און נאך 500 רובעל יעדעס יאהר צו שטיצען די פערמע. זומער 1898 איז געקומען דער אדעסער אגראנאם ה' זוסמאן און האט געוויזען פיל זאכען און געלערנט וואס צו טהון. די פיהרער האבען געשריבען א בריף צום באראן גינצבורג און געבעטען, ער זאל פון זיין גוט, וואס איז נאהענט ביי דער פערמע, שענקען 30 דעסיאטין ערד. דער באראן איז מרוצה געווארען און געענטפערט אז די זאך איז איהם שטארק געפעלען, די געסט האבען בעטראכט דאס הויז, די שפייכלער, דעם פערד-שטאל, דעם פויגעל-שטייג, וואס דאס אלעס האבען די קינדער מיטגעהאלפען בויען, אויך האבען זיי בעטראכט דעם קעלער מיט געזאלצענע ארבוזען און אוגערקעס און דעם זאפאס (פאררעט) פון טירקישע ווייץ — דאס אלעס איז געשאפען געווארען דורך די קינדערשע הענטליך. פאר'ן הויז איז פערפלאנצט א פרוכט-גארטען—אויך דורך די קינדער: זיי האבען געגראבען די ערד, געזעצט די בוימעליך, ארומגעפיהרט ארום גארטען א גראבען. יעצט ווערען בעארבייט גאנצע 34 דעסיאטין. עס געפינען זיך שוין 21 קינדער—תלמידים. די חברה מפיצי השכלה העלפט מיט, צו בילדען די קינדער; דער צווייטער פעטערבורגער קאמיטעט צו העלפען יודישע ארבייטער האט מבטיח געווען לערנען די קינדער מלאכות: טעסלעריי און מאכען רעדער.

מיט איין ווארט, די פערמע האט גרויס האפנונג און די בעסטע אויסזיכט צו בליהען און וואקסען.

— אין דער אדעסער פערמע צו ערד-ארבייט איז אין פאריגען יאהר געווען 35 תלמידים, צווישען זיי 5 מיידליך. אין פערלויף פון יאהר האבען 10 געענדיגט זייער למוד און זענען געווארען גערטנער, אדער אויפזעהער איבער גערטנער, אדער מאכען מאשינעס פיר ערד-ארבייטער. דריי, וועלכע זיינען געווען טירקישע אונטערטאנען, זיינען אוועקגעפאהרען אין טירקיי און בעשעפטיגען זיך דארט מיט ערדארבייט. איינער פון די דריי האט חתונה געהאט טאקי מיט א שילערין פון דער זעלבער פערמע און וואהנט אין דער יודישער קאלאניע קאסטיניע אין פאלעסטינא.

— ווען אין פעטערבורג איז געווען דער פאריגער אבערהויפט פון שטאדט *גרעסער*, האט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אלע יודישע סוחרים וואס האבען געוועלבען אדער אפענע געשעפטען אין פעטערבורג, מוזען ארויסשרייבען אויף די שילדען זייער גאנצען יודישען נאמען, אזוי ווי זיי זיינען פערשריבען אין די מאטריקעס און אויך דעם נאמען פון די טאטעס. יעצט האט דער סענאט בעפאהלען מבטל זיין גרעסערס גזרה און ערלויבען די יודישע סוחרים צו ארויסשרייבען נאר דעם פאמיליען-נאמען אליין.

— דער רעגירענדער סענאט האט ערקלערט, אז די יודישע בעלי מלאכות וואס וואהנען אויסער'ן יודישען ראיאן אויף דאקומענטען אז זיי קענען זייער מלאכה, בעדארפען ניט ארויסנעהמען פון זייער געבורטס-שטאדט נייע דאקומענטען ווען זייער פאספארט ענדיגט זיך און זיי שיקען אין יענער שטאדט ארויסנעהמען א נייעם פאספארט. — די דאזיגע סענאטס-ערקלערונג איז ארויסגעקומען דורך דעם פראצעס פון דעם יודישען בעל מלאכה *אהרן אשבעל*, וועלכען דער וויאטסקער גובערנאטאר האט נישט געלאזט וואהנען אין יענער גובערניע, ווייל ער האט ניט איבערגעביטען זיינע דאקומענטען אויף דער מלאכה בשעת ער האט בעצויגען פון דער היים א נייעם פאספארט. לויט דעם גובערנאטארס מיינונג, האבען די דאזיגע דאקומענטען נור א ווערדע אויף דער צייט פון פאספארט און ווי באלד די צייט ענדיגט זיך און ער שיקט אהיים אין זיין געבורטס-שטאדט נאך א נייעם פאס, מוז ער פון דארט אויך ארויסנעהמען פרישע דאקומענטען אז ער קען זיין מלאכה. דער סענאט אבער האט איינגעזעהן אז *ערשטענס*: לויט געזעץ בעדארף יעדער יודישער בעל מלאכה וואס וויל וואהנען אין גאנצ'ן רוסלאנד, פארשטעלען א צייגניס אז ער איז א „מייסטער" אדער א „מייסטערגעזעל"; *צווייטענס*: דער דאזיגער אשבעל האט טאקי אזוי געטהון און געבראכט א צייגניס פון זיין געבורטס-שטאדט ארשא אז ער קען א מלאכה; *דריטענס*: אין יענער צייגניס שטעהט ניט אז זי איז ארויסגעגעבען אויף דעם טערמין פון פאספארט. דערפאר האט דער סענאט ערקלערט, אז די גזרה פון וויאטסקער גובערנאטאר, מען זאל ביי דעם יודען אשבעל אפנעהמען זיין האנדווערק-צייגניס און ארויסטרייבען פון יענער גובערניע, איז אהן רעכט. —

— די יודישע פלייש הענדלער אין קיוב געפינען זיך איצט אין גרויס פערלעגענהייט, ווייל לויט ווי די גובערנסקע פערוואלטונג האט ערקלערט, האבען דאס רעכט צו וואהנען אין קיוב נור די קצבים וואס שעכטען אליין, אבער ניט די וואס פערקויפען דאס פלייש. די פלייש-הענדלער האבען דערלאנגט א ביטע אין גובערניע, אז מען זאל זיי אויך רעכנען פאר קצבים, אבער לויט ווי די קיעווער צייטונגען שרייבען איז זייער בקשה ניט אנגענומען געווארען און די אלע וואס האבען יאטקעס צו פערקויפען פלייש זענען געבליבען אהן רעכט צו וואהנען אין קיוב.

— דאס מאגיסטראט (רומע) אין צאריצין האט בעשטימט, אז אין טעכטער גימנאזיום פון יענער שטאדט זאל מען ארייננעהמען יודישע טעכטער נור *איינס פראצענט*, ד"ה צווישען הונדערט קריסטליכע שילערינען זאל זיך געפינען נאר איין יודישע שילערין. דעם פלאן צו דער בעשרענקונג האט אויפגעגעבען

די פֿאָרשטעהערין (נאטשאלניצע) פֿון יענעם גימנאַזיום, מאַדאַם קאָלטשינאַ, וועלכע האָט דעם פּעדאַגאָגישען ראַטה מודיע געווען, אַז אין דער לעצטער צייט איז שטארק געוואַקסען די צאָהל פֿון יודישע מיידליך אין גימנאַזיום און דורך די יודישע קען מען ניט אַריינעהמען אַלע קריסטליכע טעכטער וואָס ווי-לען דאָרט לערנען. — ס'איז כדאי צו בעמערקען אַז אין גאַנצען לערנען אין יענעם גימנאַזיום נור 150 מיידליך, אַלזאָ וועט מען יעצט קענען אַהין אַריינ-נעהמען נור א נ ד ע ר ט א ל ב ע ן יודישע טעכטער.

— די רעגירונג האָט בעשטעטיגט צו גרינדען אין די יודישע קאָלאָניעס פֿון חערסאָנער גובערניע א שולע צו לערנען לאַנד-ווירטשאַפֿט. די שולע וועט געגרינדעט ווערען אין דער קאָלאָניע באָבראָווי-קוט, און די אַרבייט וועט זיך גאָר אין גיכען אָנהייבען.

— צווישען די קאָמפּאַניעס געבילדעטע לייט, וואָס זענען געפֿאָהרען אין די אינערליכע רוסישע גובערניעס, העלפֿען די קראַנקע און הונגעריגע, גע-פֿינען זיך ניט וועניג יודישע יונגע לייט און יודישע טעכטער, בעזאָנדערס פֿון די וואָס שטודירען אין די העכערע שולען און פֿעלדשערינס. ה' סערגיי פלע-וואַקאָ בעשרייבט אין דער צייטונג „פּעטערבורסקיע וויעדאָמאָסטי" זיין נסיעה אין די הונגער-גובערניעס, און אַגב דערצעהלט ער פֿון א יודישע טאָכטער, וואָס האָט געלערנט פֿעלדשעריי אין קאַזאַנער אוניווערזיטעט און יעצט איז זי אַוועק-געפֿאָהרען צו די הונגעריגע, שטיצען און העלפֿען. „זי איז אַ יודענע — זאָגט דער שרייבער — אָבער דאָס האָט איהר גאָר ניט געשטערט אַוועקוואַרפֿען אין מאָנאַט יאַנואַר איהר לערנען און אַוועקפֿאָהרען אַהין, וואו דאָס רוסישע פֿאָלק איז אין א שרעקליכער נויט, וואו עס ליידט הונגער און פֿערשידענע חלאת'ן, צו העלפֿען מיט אַלע איהרע קרעפֿטען. פֿון יאַנואַר ביז יולי לעבט זי צווישען פֿאָלק און ברענגט איהם הילף, ניט קוקענדיג אויף די דחקות און נויט וועלכע זי אליין מוז ליידען. פֿיל מאָל האָט זי אַליין געמוזט ליידען קעלט און הונגער; אין די גרעסטע בלאָטעס און רעגענס האָט זי מאַנכעם מאָל געמוזט געהן פֿון דאָרף צו דאָרף, אָבער זי האָט ניט פֿערלוירען דעם מוטה צו טהון איהר עהר-ליכע און אידעלע אַרבייט: בעזוכען קראַנקע, העלפֿען, טרייסטען, זיך מפקיר זיין פֿאַר די אונגליקליכע. קוקענדיג אויף איהר אָרימע קוואַרטיר אין א טאַטאַ-רישען הייזיל, זעהענדיג מיט וועלכער היטץ זי איז איבערגעגעבען דעם פֿאָלק און פֿאַרגעסט גאָר אָן זיך אַליין, האָב איך ניט-ווילענדיג געטראַכט ביי מיר: ווי שטאַרק איז רוסלאַנד אַז זי האָט אַזעלכע מענשען!"

— דאָקטאָר ש. שרייבט פֿון קיוב, אַז דאָרט איז פֿאָריגען מאָנאַט גע-עפֿענט געוואָרען אויף פּאָדאָל, וואו ס'וואָהנען די מייסטען יודען, אַ פֿאָלקס-קינדערגאַרטען. די גרינדערין איז אַ קריסטליכע פֿרוי, מאַדאַם קאַרפּינסקאַ. אין גאַרטען ווערען אַריינגענומען און ערצויגען קינדער פֿון אַלע קלאַסען מענשען, אָהן אונטערשייד פֿון וועלכע רעליגיאָן זיי זענען. דער ציעל פֿון דעם גאָרטען איז, אַז די קינדער זאָלען פֿון דער פֿריהעסטער יוגענד זיך לערנען גוטע זיטען, מדות-טובות, אייגער דעם אַנדערן זאָל שוינען און ניט קוקען וואָס דער חבר איז פֿון אַ אַנדער רעליגיע. — כדי יודישע פֿ ר ו מ ע עלטערן זאָלען אויך קענען אַהין שיקען זייערע קינדער, איז געבליבען אַז אַלע שפּייזען פֿון די קינדער זאָלען זיין נור פֿון מילך, פּוטער, אייער, פֿיש און געוויקסע, אָבער ניט פֿון פֿלייש... דער שרייבער לויבט זעהר די נייע אַנשטאַלט און רעדענט אויס דעם גרויס נוטצען פֿון איהר, סיי וואָס די קינדער וועלען זיך דאָרט געוואוינען זיין טאַלע-ראַנט, ניט פֿיינד האָבען דעם יודען, סיי וואָס זיי וועלען פֿון קינדוויים אָן ליעב בעקומען די רייניקייט אז"וו. צוויי פֿאַקטען ערצעהלט דער דאָקטאָר, צו בעווייזען דעם גרויסען איינדרוק וואָס דער גאָרטען מאַכט אויף די קינדער. איין יודיש קינד האָט זיך ערלויבט שלאָגען דעם חבר און איהם צובלוטיגט די נאָז; דערפֿאַר האָט מען איהם באַלד אַרויסגעטריבען פֿון גאָרטען. אין דעם זעלבען טאָג איז דאס יונגעל געקומען צוריק מיט זיין מוטער, געוויינט אויף א קול און געבעטען איהם צוריק אַריינעהמען, ער וועט שוין ווייטער זיין גוט און פֿרום. דער צווייטער פֿאַקט: אַ קריסטליכער יונגעל האָט גערופֿען אַ יודישען מיט'ן נאָמען „זשי-דאָק", דערפֿאַר האָט מען איהם תכף געמאַכט אַ שטרענגען „וויגאַוואָר" (פֿאַר-וואורף) און ערקלערט אַז אַזוי בעדאַרף זיך איין קינד מיט'ן צווייטען ניט אויפֿ-פֿיהרען. דאס קינד האָט באַלד געבעטען אום פֿערצייהונג און פֿערשפּראָכען אַז ווייטער וועט ער שוין דאס ניט טהון...

— זונטאג, דען 11 (23) יולי, איז אין דער שטאָדט פּרוזשאַני (גראָדנער גוב.) געוועזען אַ שרעקליכע שרפה. אום 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט אויסגע-בראָכען אַ פייער פֿון אַ הויז און באַלד האָט אָנגעכאַפּט אַלע הייזער אַרום, אַזוי אַז אין פֿערלויף פֿון דריי שעה זיינען פֿאַרברענט געוואָרען ביז ד ר י י ה ו נ ד ע ר ט הייזער, אויך דריי בתי-מדרשים מיט אַלע ספרים זיינען געוואָרען צו אש. קרוב פֿון אַכטהונדערט יודישע געזינדען זיינען אַרויס אָהן אַ העמד, ניט אָפּגעראַטע-וועט אפילו דאָס מינדסטע פֿון זייער פֿאַרמעגען, אַלסדינג, אפילו די בעטגע-וואַנד מיט די קליידער איז פֿאַרברענט געוואָרען. דער שאָדען בעטרעפט ביז אַ האַלב מיליאָן רובעל, ווייל כמעט אַלע הייזער זענען ניט געוועזען סעקורירט. די מייסטען נשרפים וואַלגערן זיך אויפ'ן גאַס, אונטערן הוילען הימעל. דאָס אומ-גליק מיט'ן עלענד איז גאָר ניט צו בעשרייבען.

אויך אין סלאָנים איז געוועזען אַ שרפה, אמת ניט קיין גרויסע, עס זענען נור 13 הייזער פֿאַרברענט געוואָרען, אָבער דערפֿאַר האָט דאָרט דאָס פייער אומגעבראַכט צוויי נפשות, צוויי קינדער פֿון אַ אָרימען יודישען בעקער, וועלכע זענען לעבעדיג פֿאַרברענט געוואָרען.

— דאָס פֿינאַנץ-מיניסטעריום האָט אַרויסגעגעבען אַ צירקולאַר וועגען דאָס האַנדלען מיט רוסישע ווייגען אין די ערטער וואו ס'איז שוין איינגעפֿיהרט דער מאָנאָפּאָל. איינע פֿון די רעגעלען וועגען דער ערלויבניש צו עפֿנען אַ וויין האַנדלונג, איז אַז אַ יוד מעג וויין אַ פֿערקויפֿער (פּריקאַשציק) נור אין א וויין-האַנדעל וואָס קעהר צו א יודען.

*

דייטשלאַנד. ⁂ די צאָהל פֿון מיש-עהען ד. ה. חתונות צווישען יודען און קריסטען ווערט אין דייטשלאַנד וואָס אַ יאָהר גרעסער. לויט די בע-ריכטע פֿון צייטונגען בעטרעפֿען די מיש-עהען 25%, ד. ה. פֿון 100 חתונות זענען 25 יודען מיט קריסטען. אין דער צייט פֿון 1875 ביז 1895 יאהר זענען אין פּרייסען געווען 50,000 יודישע חתונ ת, דערפֿון זענען איבער 5,000 געווען מיש-עהען.

⁂ אין ברעסלוי האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט צו זאַמלען געלד אויף אונטערשטיצען די יודישע אַרבייטער אין באָריסלאַב (גאַליציען), וועלכע זענען געבליבען אָהן אַרבייט און טויזענדער פֿון זיי שטאַרבען פֿאַר הונגער.

⁂ אין בערלין בעמיהען זיך די אַנטיסעמיטען צו גרינדען איין אַנטי-סעמיטישע פֿאָלקס-אוניווערזיטעט, ווייל די אַלטע אוניווערזיטעטען מיט זייערע תורה און חכמות ווייזען זיי אויס צו שטאַרק י ו ד י ש.

⁂ עס איז ניט לאַנג ווידער ערשינען איין גאַנצ סטאַטיסטיק פֿון דייטש-לאַנד, פֿון וועלכען ס'ווייזט זיך אויס, אַז ביי יודען זענען גאָר וועניג פֿערברע-כער דאָ. אפילו פֿון אַ זעלכע עברות וואָס די וועלט מיינט אַז מייסטענס יודען טהוען זיי, ווי צום ב"ש: וואוכער, בעטרוג, באַנקעראָט און דערגלייכען זענען ביי יודען וועניגער ווי ביי אַנדערע.

*

פֿראַנקרייך. ⁂ דער קאַפּיטאַן דרייפֿוס שטעהט זייט עטליכע טעג צום צווייטען מאָל פֿאַר דעם קריעגסגעריכט. אַ פֿאָלשטענדיג בילד פֿון דעם גאַנצען צווייטען פּראָצעס וועלען מיר ערשט קענען געבען ווען דער פּראָצעס וועט זיך ענדיגען. ביז איצט האָט דער קאַפּיטאַן פֿאַר זיינע ריכטער נישט גע-מאַכט איין רושם פֿון אַ זינדיגען פֿערברעכער. פֿערקעהרט, ער הערט נישט אויף צו בעווייזען, אַז ער איז גאַנץ אונשולדיג, און אַלעס וואָס זיינע שונאים האָבען צוזאַמענגעטראָגען קעגען איהם, איז שקר. דאָס געריכט האָט אַפּאָר טעג געפּרובט די געהיימע אַקטען אין אַ געהיימער זיצונג וואו ס'איז נור גע-וועזען דרייפֿוס מיט זיינע פֿערטיידיגער. דאָס רעזולטאַט פֿון דער געהיימער זיטצונג ווייסט מען נאָך נאָך נישט, אָבער די פֿערטיידיגער האָבען די בעסטע האָפֿנונג, אַז עס וועט פֿאַר דעם אַנגעקלאַגטען זיין זעהר גינסטיג.

דערווייל האָט מען אין פּאַריז ענטדעקט אַ פֿערשווערונג פֿון אַנטיסע-מיטען און פֿיינד פֿון דער רעפּובליק קעגען דער רעגירונג. דער אַנפֿיהרער ד ע ר ו ל ע ד מיט נאָך 15 אַנטיסעמיטען זענען פֿערהאַפֿטעט געוואָרען.

*

איטאַליען. ⁂ פּאַר עטליכע וואָכען האָבען מיר געבראַכט וואָס די צייטונגען האָבען געשריבען איבער א מנורה וועלכע מען האָט געפֿונען אין ראָם אין טייך טיבער, אַז דאָס איז די מנורה פֿון בית-המקדש (דער „יוד" נומ' 10). עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען אַז דאָס איז א טעות. די מנורה פֿון בית-המקדש איז געווען פֿון ריין ג אָ ל ד און דער לייכטער, וועלכען מען האָט ניט לאַנג געפֿונען, איז פֿון פּראָסטע בראָנז און איז געמאַכט געוואָרען פֿון א רוימישען קינסטלער, א ערך 200 יאָהר פֿאַר'ן חורבן. דער לייכטער איז איבער-הויפּט גאָר נישט גלייך צו דער מנורה פֿון וועלכער טיטוס האָט געלאָזט אויס-האַקען א בילד אין דעם טריאומף-בויגען צווישען די בילדער פֿון אַנדערע הייליגע כלי־שרת אויס דעם בית המקדש. א חוץ דעם ווייסט מען גוט אויס דער רוימישער געשיכטע אַז די מנורה פֿון בית המקדש איז געדויבט געוואָרען פֿון ראָם ווען די וואַנדאַלען זענען דאָס לאַנד איבערגעפֿאַלען, און איז געוואָר-פֿען געוואָרען אין טייך אַריין, נישט אויף דעם אָרט ווי מען האָט דעם לייכטער געפֿונען. די מנורה מיט דעם שולחן זענען נאָך דעם חורבן בעהאַלטען געוואָרען אין איין רוימישען טעמפּעל און די גאָלדענע טאַפֿעל וואָס די קעניגין פֿאָן אַדיעבענע (הילני המלכה) האָט געשענקט אין בית המקדש ביי איהר מגייר זיין און אויף וועלכער ס'איז געווען אויסגעשריעבען די „פּרשת-סוטה" איז געוועזען בעהאַלטען אין קאָלאָסעאום, וועלכער איז שפּעטער פֿערברענט געוואָרען מיט נאָך פֿיעל יודישע אוצרות וואָס זענען אין איהם געוועזען. פֿון בית המקדש איז נור איבריג געבליעבען איין אַלאַבאַסטער-זייל וועלכע געפֿונט זיך היינט אין א רוימישער קירכע.

*

ענגלאַנד. ⁂ דער גענעראַל ז ו י ל ס ו ן וועלכער האָט אין דער אסיפה פֿון חובבי-ציון געגעבען איין בעריכט איבער די יודישע קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל, האָט געהאַלטען איין פֿאָרטראָג אין דער „חברה צו וויססענשאַפֿט-ליכער ערפֿאָרשונג פֿון פּאַלעסטינאַ" אין וועלכען עס איז בעריכטעט געוואָרען

איבער די נייעסטע אויסגראבונגען פון פעסטונגסווערקע פון די צייטען פון מלך רחבעם (שלמה המלך'ס זוהן). דער גענעראל האט געשילדערט זיינע רייזען אין די אמאָליגע לענדער אדום און מואב, ער האט דערצעהלט וואָס פאר שווינדעל און שפעקולאציעס איז ביז איצט געטריבען געוואָרען מיט אויסגראבונגען אין מצרים און הייבט איצט אָן איבערצוגעהען אויך קיין ארץ-ישראל, אזוי אז ס'איז גאָר שווער פאר די אמתע פאָרשער זייערע וויסענשאפטליכע ארבייטען אויסצופיהרען. דער גענעראל האָט אויך אין זיין פאָרטראג דערמאנט די יודישע קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל, וועלכע האָבען נאָך זיין מיינונג דען צוועק צו שאפען בילדונג און קולטור אין גאנצען לאנד.

*

**אמעריקא.** *** פון די יודישע קאָלאָניעס אין ארגענטיניען הערט מען ווידער טרויריגע בשורות. די לאגע פון די קאָלאָניסטען איז וואָס אמאָל ערגער. ענדע מאי האָבען 130 קאָלאָניסטען פון „מוריציא" איבערדרייכט א בקשה צו דער דירעקציאָן אין בוענאס אירעס, זי זאָל טראכטען איין ענדע מאכען צו זייער גרויסער נויט, ביז איצט איז נישט געווען איין ערנטע וואָס זאָל גוט אויספאלען. איינמאָל איז צו הייס, איין אנדערמאָל גאָר פראָסט און קעלטען אָדער גאָר היישרעקען וואָס פרעסען אלסדינג אויף. היינטיגס יאָהר איז אפילו יא געראָטהען די תבואה, אזוי אז די פריהעריגע היימישע בעוואָהנער זאָגען, אז זייט דרייסיג יאָהר איז צום ערשטען מאָל געראָטען, איז אָבער דער מקח פון תבואות אזוי נידריג, אז דער בויער האָט אפילו נישט זיינע הוצאות פון דער זריעה. צום סוף פון דער בקשה בעטען און האָפען די קאָלאָניסטען, אז מען זאָל זיי ערגיץ אנדערש קאָלאָניזירען, ווייל און ארגענטיניען מוזען זיי אינגאנצען צו גרונד געהען. א צווייטע בקשה האָבען די קאָלאָניסטען דערלאנגט צו דער „יק"א" (יודישע קאָלאָניזאציאָנס-געזעלשאפט) אין פאריז מיט דעם זעלבען אינהאלט.

---

# פעלעטאָן.

## א וועלט מיט וועלטליך.

III.

ווידער אמאָל באגעגנישען.

אין וואגאָן איז געווען איינג אז ניט נור שלאָפען, אפילו זיצען איז אויך ניט געווען וואו.

מיר דריי „בויבריקער" גרויסע סוחרים „פון ווינט, פון רויך און פון ציבעלע-שאָלעכץ" האָבען זיך ווי ס'איז איינגעזועטצט אין ענגשאפט, און ווידער, אין הונדערסטען מאָל, ארומגערעדט אונזערע „קראנקהייטען" — דען מיר זענען אלע דריי געפאהרען איצטער צוריק פון די „בעדער" — די מיטלען וואָס די פראָפעסאָרען האָבען אונז געגעבען, די „רפואות" וואָס מיר האָבען איינגענומען, די וואסערען וואָס מיר האָבען געטרינקען, די „זאכען" וואָס מיר האָבען איינגעקויפט, די מתנות וואָס מיר פיהרען אהיים, פון אויסלאנד, די הוצאות וואָס עס האָט געקאָסט און די נוצען וואָס מיר ערוואַרטען פון דער „קוראציע", ביסליכווייז, ביסליכווייז איז דער שמועס אריבערגעגאנגען אויף די „גרויסע הוצאות" היינטיגע, אויף דעם שווערען לעבען, אויף דער ביטערע פרנסה, אויף די שלעכטע געשעפטען בכלל און בויבריקער „רויך און ווינט" געשעפטען בפרט.

מיר האָבען ארומגערעכענט די יורישע סוחרישע לאגע פון אלע זייטען און, ווי געוועהנטליך, געענדיגט מיט איין וואָרט: ס'איז שלעכט! ניטאָ פאר וואָס זיך צו חאפען, ווידער „ווינט און רויך" און אָבער „ווינט און רויך" — קיין אנדערע זאך איז ניטאָ וואָס צו טוהן. „א מאָל" איז געוועזען פיעל בעסער, א יודישען סוחר, איז טאקי גאָר גוט געווען. ער האָט געהאנדעלט, ווי זאָגט מען עס, אָהן קרעדיט און אָהן קאנקורענציע און אָהן קאָפ-ווייטיג. פון היינטיגע חובות האָט מען אמאָל ניט געוויסט, פון קאנקורענציע בודאי ניט. „קריסטען" האָבען דאמאלס ניט געהאנדעלט און פון יודען האָט מען שטענדיג געהאט א „טובה". ס'איז געווען גרינג צו פערדינען א קאָפיקע ביי א קריסטען, און ניט שווער צו פערדינען טאקי אויך ביי א יודען. היינט האָט זיך דאָס רעדיל איבערגעדרעהט אין גאנצען. די „קריסטען" האנדלען אויך, די פריצים האָבען אויסגעטהון די „הענטשקעס" און פערקויפען אליין קעראסין מיט זשעגיכץ און מיינען אז זיי זענען טאקי רעכטע סוחרים. שווער היינטיגע צייטען ביי זיי צו פערדינען. ביי א יודען אָבער צו פערדינען איז נאָך שווערער. א יוד וויל ניט געבען צו פער-דינען א יורען, ער זוכט אלץ צו מאכען געשעפטען מיט א גוי, געבען צו לעזען דעם גוי, קויפען סחורה אין א גוישע „קראם"; א גוי וועט ער איבער-צאהלען איבער'ן מקח, און מיט א יודען וועט ער זיך דינגען פאר א קאָפיקע, פאר א צעבראָכענעם גראָשען. א בעל-מלאכה זוכט ער דוקא א גוי, ער האָט זיך איינגערעדט אז א גויעשער בעל-מלאכה ארבייט בעסער; א שוהלע פאר זיינע קינדער — נור א גויעשע, ער מיינט דאָרטען לערענט מען בעסער, און וואָס עס איז חידוש'דיגער פון אלץ, אפילו א „דאָקטאָר" זוכט ער אויך נור א גויעשען. נעהמט אין א שטאָדט וואו עס זענען דאָ יודישע און קריסטליכע דאָקטורים — ווער האָט די גרעסטע פראקטיקע ביי אונזערע יורען? — קריסטען. דאכט זיך, דער יודישער גימנאזיסט לערענט גוט אין גימנאזיום, סטודירט דערנאָך זעהר פלייסיג אין אוניווערסיטעט, ענדיגט זעהר גוט, פראק-טיצירט זעהר ערענסט; דאָך אז די וועסט פרעגען אין א יודישע שטאָדט ווער איז דאָ דער גרעסטער דאָקטאָר? — וועט מען דיר באלד אנווייזען אויף... ניט קיין יורען. סטייטש, איך קען דאָך איהם, איך ווייס אז בעת ער איז געווען א סטודענט האָט ער גאָר ניט פיינט געהאט דעם טרינק — געלערענט האָט ער ווי ס'איז, געענדיגט אויך ווי ס'איז... ווען-זשע האָט ער עס אויספיעט צו ווערען אזא מומחה? — קיין תירוץ איז ניטא, קיינער ווייס ניט, פאר וואָס איז ער א מומחה. נאָר די יודישע ווייבער אין שטאָדט האָבען בעשלאָסען, אז „פאן לעוויצקי" איז א גרויסער דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר „לוי" איז א קאלעקע. דער „פאן לעוויצקי" זידעלט זיי, רופט ניט אנדערש ווי „זשידאָווקי" — און קען זיך פון זיי ניט אפשלאָגען; ביי'ם דאָקטאָר „לוי" אָבער איז פוסט...

דער שמועס האָט זיך געדרעהט אויף דעם ענין, און יעדער פון אונז האָט דערצעהלט מעשיות, ווי אזוי א יוד וויל ניט געבען צו פערדיענען א יודען.

אנטגעגען אונז איז געזעסען א עלטערער מענש מיט „טינקעל-בלאָע" ברילען, און ווי כ'ווייזט, האָט ער זיך צו-גיהערט צו אונזער שמועס.

— פאררָאָן, מיינע הערדן — האָט ער געזאָגט צו אונז — איהר וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך שלאָג אייך איבער אייערע ווערטער. ניט-ווילינדיג האָב איך צו-געהערט וואָס איהר רעדט, און עס האָט מיך פאראינ-טערעסירט. איך האָב ניט די עהרע אייך צו קענען ווער איהר זענט, נאָר פון אייער שמועס, זעה איך ארויס אז איהר זענט רוסישע יורען.

מיר זענען אביסעל רויטליך געוואָרען, הערענדיג אזא קאָמפלימענט, מיר האָבען עס אָנגענומען פאר א ווינק אויף אונזער אויסשפראכע... און אין הארצען שטארק חרטה געהאט פאר וואָס מיר האָבען צווישען זיך אזוי „גע-קנאָקט" רוסיש אפילו אויף יענער זייט גרעניץ און ניט גערעדט פשוט יודיש, מאמע-לשון... נאָר דער הערר אין די „טינקעל-בלאָע" ברילען האָט עס א-פנים בעמערקט און געזאָגט: איך נעהם עס ניט פון אייער אוסשפראכע, בין אליין אויך ניט קיין געבוירנער רוססע, נאָר פון דעם אינהאלט אייערער רעדע.

אונז איז געוואָרען אביסעל גרינגער אויפ'ן הארצען.

איך הער — האָט ער געזאָגט — איהר רעדט וועגען יודען און ניט צו גוטען. איהר געפינט אז ביי אייך איז ניטאָ קיין אחדות, אז איין יוד האָט ניט קיין רחמנות אויף דעם צווייטען, ער גיט איהם ניט צו פערדינען, און נאָך אזוינע זאכען — דאָס איז דער ערשטער סימן אז איהר אליין זענט יודען, דען ניט-יודען, די קריסטליכע וועלט, רעכענט גאָר אנדערש. די קריסטליכע וועלט פארמשפט אייך אלעמען, אָהן אונטערשייר צווישען אָרים און רייך, אונגעביל-דעט און געבילדעט — אלע גלייך זענט איהר אָפגעפרעגט אלס יורען, נאָר צווישען אייך מיינט מען איז די גרעסטע אחדות; צוליעב אייער אחדות איז מען אייך מקנא און מען האָט אביסעל מורא פאר אייך. פון ווייטען קוקענדיג אויף אייך, זעהענדיג אייערע שוהלען, בתי-מדרשים, בקור-חולים'ס, תלמוד תורות, אלערליי חברות אייערע, זעהענדיג ווי דיכט זיך אָן א סיסטעם, אָן א סדר, איז דאָך דאָ א סיסטעם מיט א סדר... פון ווייטען זעהענדיג עס, מוז מען אראָפנעמען פאר אייך די היטל... דאָס וואָס איך הער איצט פון אייך, אז אין די שוהלען און בתי-מדרשים שלאָגט מען זיך איבער עליות און הקפות, איבער הזנים און רבנים, אז אין די חברות קריגט מען זיך איבער גבאות און „התמנות", אז אין די יורישע קהילות וואָלט יערער דערטרינקען דעם אנדערן אין א לעפיל-וואסער — ווי איהר האָט דאָ דערצעהלט — דאָס זעהט מען דאָך ניט פון ווייטען, און קוקענדיג אזוי אויף אייך פון דער פרעמד מוז מען ניט ווילענדיג זאָגען: מה טובו אוהליך יעקב, ווי גוט זענען דיינע געצעלטען יעקב, משכנותיך דיינע וואָהנונגען, ישראל! איך האָב עס נאָך א מאָל געזאָגט „בלק'ן"...

מיר אלע האָבען איהם ווילד אָנגעקוקט.

אך — האָט ער זיך פערחאפט — פאררָאָן, מיינע הערדן, איך האָב זיך פערגעסען אייך פאָרצושטעלען — און אזוי רעדענדיג האָט ער ארויסגענומען פון קעשינע דריי וויזיטנע קארטאטשקעס און האָט יעדען פון אונז איבערגעגעבען א קארטאטשקע, אויף וועלכער ס'איז געווען אנגעשריבען:

> „בלעם", דער זון פון בעור,
> לאנד-שדכן
> אין פתור, וואס אויפ'ן גרויסען טייך.

מיר, ווי עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, האָבען איהם נאָך ווילדער ווי פריהער אָנגעקוקט...

ער אָבער, האָט זיך קאלט-בלוטיג א שמייכיל געטהון און געזאָגט מיט א געלעכטעריל: איך רעכען, אייך דארף עס גאָר ניט אזוי שטארק חידוש'ען. ביי אייך שטעהט דאָך מסתמא געשריבען, אז „בלעם" איז ניט געשטאָרבען. אויב עס איז ניט געשריבען, דארף עס זיין געשריבען, דען „בלעם" שטארבט ניט. „בלק" אט ער איז שוין לאנג טויט. זאָל ער מיר מוחל זיין, האָט קיינמאָל קיין שכל געהאט. צופיעל האָט ער זיך דערשראָקען פאר אייך, פאר אייערע קאָנקורענציע, און פאר צרות, וי געוועהנטליך אין „מואב", האָט ער זיך געגו-

מען צום טרינק, אין דאס האט איהם מקרב געווען זיין טויט. בלעם אבער, פארשטעהט א עסק, אז מיט יודען קען מען אויך דורכקומען, און נאך אפשר בעסער ווי מיט אנדערע פעלקער... וואס זאל איך זאגען, דער אמת בלייבט א אמת, מיינע בעסטע געשעפטען האב איך געמאכט מיט יורען, נור מיט יודען. אויסער גוטעס האב איך פון אייך ניט געהאט. איך רעכען אבער, האט ער געזאגט ווייטער, אז איך האב אויך קיין שלעכטס אייך געטהון, רען גוט באַרעכנענדיג איז אפשר גלייכער מיט בלעם'ן צו פערשפילען, איידער מיט בלק'ן צו געווינען... דאכט זיך, איהר האט זיך ניט וואס צו בעקלאגען אויף מיר...

— ווי — האט זיך איינער פון אונז אפגעריפען — דאס איז נאך א פראגע", קיין גוטס בודאי ניט, אימער געב...

— איך פערשטעה, וואס איהר האט געוואלט זאגען, „געבילט"... א דאנק פאר א קאמפלימענט. עס איז אבער ביי מיר קיין נייעס, איך ווייס פון לאנג אייער מיינונג וועגען מיר, און עס חידושט מיר שטארק. שטענדיג פרעג איך ביי זיך אליין: „מה-נשתנה" — פאר וואס בין איך פארענדערט ביי אייך פון אנדערע „גוים"? פאר וואס, אז א אנדער גוי, ווער ער זאל ניט זיין, זאגט אויף אייך עטוואס א גוט ווארט, שרייבט איהר עס באלד אין אייערע צייטונגען, היילט זיך באלד משמח צו זיין דעם עולם מיט אזא גוטע בשורה, איהר דריקט אפילו זיין פארטרעט אין אייערע בלעטער. איהר ווייסט איהם גאר ניט ווי אפצוראנקען פאר זיינע עטליכע ווערטער. — און מיך וואס האב דער ערשטער געזאגט אויף אייך דאס בעסטע מיינונג, „לא רָאָה עָמָל בְּיַעֲקֹב", ניט געזעהען קיין אומרעכט אין יעקב, „ולא הִבִּיט אָוֶן בְּיִשְׂרָאֵל" ניט אנגעקוקט קיין פאלשקייט אין ישראל; מיך וואס האב דער ערשטער דערקענט אייערע גרויסע מעלות מיט די קליינע חסרונות, — מיך בעהאנדעלט איהר אזוי שלעכט? — מיר איז קיין קשיא געווען אויף אייערע עלטערען, וואס זיי האבען מיר אזוי בעהאנדעלט — דען זיי האבען זיך גאר נישט אנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט קיין פרעמדע מיינונגען, זיי האבען ניט געזוכט ביי אומות-העולם א „היתר" אויף יורישקייט; אבער איהר, וועלכע קוקט די קריסטען אין מויל אריין, איהר וואס אלסדינג טהוט איהר, אדער טהוט ניט, נור צוליעב „מה יאמרו הגוים", וואס וועלען זאגען די גוים... איהר וועלכע זענט זיך מחיה צו הערען א „גוט ווארט" פון זיי — פאר וואס בעהאנדעלט איהר מיר אזוי שלעכט? — איך האף אבער, אז ס'וועט נאך קומען א צייט, וואס איהר וועט איבערבייטען אייער מיינונג וועגען מיר, און וועט נאך דריקען מיין „פארטרעט" מיט מיין לעבענס-בעשרייבונג אין אייערע צייטונגען...

נאר ווען דאס וועט נאך זיין, דערווייל האט איהר וועגען מיר זעהר א שלעכטע מיינונג, און, כ'לעבען, גאר אומזיסט. ניט איך ביל אויף יודען, — נאר אנדערע „בלעם'ס", גאר אנדערע.

איך דארף אייך זאגען, מיינע הערען, אז צייט עס האט זיך מיר געטראפען, ביי מיין ערשטע באגעגניש מיט אייך, די טרויריגע געשיכטע מיט'ן „אייזעל", וואס האט אנגעהויבען צו רעדען — בלעם האט דערביי א שטארקען קרעכץ געטהון — בין איך געווארען אויס „בלעם". אלעס, האב איך געקענט איבערטראגען, פרעה'ס משוגעת'ן, בלק'ס נארישקייטען, יודישע אונדאנקבארקייט — נאר ניט דעם אייזעל'ס רעד. און וויפיעל טויזענד יאהר, ס'איז פון דאמאלס אריבערגעגאנגען, וויפיל „אייזלען", עס האבען שוין ניט גערעדט פאר דער גאנצער צייט, איך קען נאך אלס ניט געוואהנט ווערען צו דעם... אזא וויסטער חאראקטער ביי מיר. און דער „אייזעל" האט זיך אויסגעלערנט די מלאכה, און רעדט, און רעדט... ער איז שוין גאר געווארען א גאנצער בלעם... דאס בילט ער די גאנצע צייט...

דעם אמת רעדענדיג, אום צו זיין א „בלעם" אויף יודען, היינטיגע צייטען, דארף מען גאר ווינציג שכל. יעדער „אייזעל-קאפ" קען זיין א „בלעם" אויף יודען. ער הייבט אן זיינע געוויסע ווערטער: „מָה עָשִׂיתִי לְךָ כִּי הִכִּיתַנִי" דאס הייסט פראסט רעדענדיג: „טי מניע רוגאל"... אדער פון מיין אמונה געלאכט... אדער מיין פאלק אפגענארט... און דאס גלייכען אויף דעם נוסח, אבער און ווידער דאס זעלביגע... עס עקעלט אזש פון זייערע רעד... איך בין שוין געווען פיעל אנדערש, פיעל אוריגינעלער...

אין כלל דארף איך אייך זאגען, אז איך בין ניט געווען ספעציעל א „אנטיסעמיט", א „יודענפרעסער", אין יענע צייטען זענען נאך אזעלכע „מאוסע-מלאכות" ניט געווען, איך בין נור געווען א „בעל-יועץ", א עצה-געבער, א אדוואקאט, ווי מען רופט עס איצטער, א גוטע „עצה" געבען פאר גוט געלד, דאס האב איך געקענט. אז איהר וואלט מיר געדינגען אויף א עצה אנטקעגען בלק'ן וואלט איך אייך א עצה געגעבען, אז ער האט מיך געדינגען — האב איך איהם געגעבען די עצה. איך בין זיכער נאך היינט דאס מיין עצה איז געווען די בעסטע... „אדוני-קעניג — האב איך איהם געזאגט — וואס שרעקסטדו זיך אזוי? די יודען זענען נאך העט-העט ערגעץ-וואו, האבען צו טהון מיט סיחון דעם קעניג פון אמורי, מיט עוג מלך הבשן, זיי האבען דיך נאך אפילו ניט אין זינען ניט, דו האסט נאך קיין יודען אין די אויגען ניט געזעהן, די ווייסט זיי ניט, די קענסט זיי ניט, זיי האבען דיר קיין שלעכטס גאר נישט געטהון, און דו האסט שוין מורא" — וואס הייסט, זאגט ער, „עַתָּה יְלַחֲכוּ הַקָּהָל". אט וועט דער יודישער „קהל", דו האסט דאך מסתמא געהערט פון דעם „קהל" מען דערצעהלט וועגען איהם שרעקליכע זאכען, אט וועט ער אלעס ארום אונז אפ-עסען, כלחוך השור, ווי עס ג'ייזעט ארום א אקס את ירק השדה, די גראז אין פעלד. זיי וועלען אפעסען, אויסעסען... מיט איין ווארט „עסען". קיין אנדער בעגריף ווי עסען האט ער ניט געהאט. דאס וואס זיין גאנצע קולטור, מיט זיינע אלע געטער, מיט זיין ליטעראטור, שטעהען אין סכנה, אז זיי וועלען אלע מוזען פאלען דורך דער „יודישע קולטור" — דאס האט איהם ניט אינטערעסירט, ער האט נור מורא געהאט פאר דער „אכילה", יודען וועלען איהם אפעסען דעם קאפ. — „וְעַתָּה לְכָה־נָּא אָרָה־לִּי אֶת הָעָם הַזֶּה" — געה נור שעלט איהם, זידעל איהם, מאך איהם צו קויט און צו בלאטע, טראכט אויס אויף איהם אלערליי בלבולים... כדי די וועלט זאל מיר אפגעבען גערעכט. איך טענה מיט איהם: „מָה אֶקֹּב וּמָה אֶזְעֹם" וואס זאל איך שעלטען, וואס זאל איך בלבולים זוכען און זיך נאריש מאכען, „מראש צורים אראנו" איך קוק אויף איהם פון א גאנץ הויכען פונקט. הֶן־עָם לְבָדָד יִשְׁכֹּן, עס איז גאר א בעזונדער מין פאלק, ובגוים, מיט דיינע גוישע מיטלען, לא יִתְחַשָּׁב, וועסטו זיך מיט איהם ניט אפרעכנען... דיינע מיטלען זענען גוט פאר דעם „חווי, יבוסי, גרגשי', פאר עשו'ן, פאר די „בני-עמון", אין דעסטגלייכען פעלקער, יודען אבער וועסטו מיט אזוינע זאכען ניט מנצח זיין. דו קענסט זיי ניט. איך וועל דיר געבען א עצה, א גוטע עצה. דו האסט מורא: הִנֵּה עַם יָצָא מִמִּצְרַיִם, א פאלק איז ארויס פון מצרים, וְכִסָּה אֶת עֵין הָאָרֶץ, האט שוין באדעקט דאס שיינע לאנד, והוא יושב ממולי — ער זיצט שוין דא ניט ווייט פון מיר, באלד וועט ער קומען, וועט עפענען שיינקען, קראמען, באנקען, וועט פארנעמען די ערטער אין אלע גימנאזיעס, אוניווערסיטעטען, — עס וועט אייננ ווערען מיינע „קארענניע", מואבים און מדינים. — ניטא, זאג איך דיר, וואס צו שרעקען זיך. דאס בעסטע זאך איז: באגעגען זיי ווי גוטע פריינד, גיב זיי אויפ'ן פאפיר כלומר'שט, אלע רעכטע, פערשטעהט זיך, דאס נור אויפ'ן פאפיר, וועסטו דאמאלס זעהן אז ניט נור זיי וועלען דיר אפעסען דעם קאפ, אדרבא, זיי וועלען ביי זיך דעם לעטצטען ביסען פון מויל ארויס נעמען און אפגעבען דיר. דאס ביסעל גוטס וואס זיי האבען געבראכט פון מצרים, וועט עס אין „מואב" פערבלייבען, זיי וועלען פערגיסען זייער בלוט פאר דיר, וועלען דיר דינען געטריי מיט מסירת-נפש, אייגענע ארימע לייט וועלען זיי ניט געבען; זייערע גבירים וועלען פאר דיר בויען שוהלען צו לערנען דיינע ארימע קינדער, גימנאזיעס, אוניווערסיטעטען פאר דיינע מואב'שע תלמידים, און אז זיי וועלען שטארבען וועלען זיי אפזאגען גרויסע קאפיטאלען אויף „עולמות", פון וועלכע עס וועלען הנאה האבען טאקי נור דיינע ארימע לייט, ניט זייערע. די געבילדעטע זייערע, די געשטודירטע וועלען שטודירען דיין לשון, דיין גראמאטיק, דיינע פאלק'ס-לידער, דיינע בבא-מעשיות, דיינע פאעטען דיין ליטעראטור... בקיצור, עס וועט ניט אוועקגעהן א דריי דורות און זיי וועלען ווערען עכטע „מואבים" מיט אלע פליטערליך, וועלען זיך אנהויבען מיחס-זיין אויף „לוט'ן", וועלען אפהיטען זיין יאהר-צייט, פייערען זיין געבורטסטאג, וועלען אננעמען אפילו מדות פון סדום, וואו לוט האט געוואהנט א שטיקעל צייט... ביסליכווייס, ביסליכווייס, וועלען זיי אפילו זייער לשון פערגעסען, וועלען רעדען און פערשטעהן נור „מואב'יש"... מיט איין ווארט, זיי וועלען דיר זיין איבערגעבען מיט'ן גוף און דער נשמה. זיי וועלען שוין דא ביי דיר פערבלייבען, וועלען שוין אפילו אויפהערען צו טראכטען פון אריבערגעהן דעם ירדן, אום צונעמען ארץ-ישראל. טאמיר וועלען זיך געפינען עטליכע ארימע לייט, וועלכע ס'וועלען געהן — לאזען זיי זיך געהן, די נגידים אבער וועלען דא פערבלייבען. עס האט אבער ניט געהאלפען דאס טענה'ן. ווי איך האב אייך שוין געזאגט איז ער בלק, ניט געווען קיין איבריגער בעל-שכל; וואס די „שרי-מואב", די הערען זיינע פון מואב, די מיניסטערען, האבען איהם געזאגט האט ער זיי געגלויבט, און אויף אלע מיינע רעד, האט ער מיר געענטפערט: איך וויל זיי ניט וויסען, וויל זיי ניט קענען, אפילו קיין נוטצען וויל איך פון זיי ניט האבען. פון לוט'ן האבען זיי ניט געהאלטען, אברהם, זייער פאטער, האט זיך פון איהם אפגעטהיילט, — וויל איך זיי ניט קענען. ועתה לכה קבה לי, און איצטער געה שעלט זיי, זידעל זיי, גיס אויף זיי אויס די תוכחה. שעלט זיי פון דאנען, פון דארטען, אזוי אדער אזוי, נאר שעלט זיי... איך אבער, אז איך האב פערגליכען אייך צו די „מואבס", און האב געזעהן ווי ביי זיי, וועלכע זיצען אין זייער לאנד רוהיג, איז שכרות, הולטייסטווא, עם הארצות, גראבקייט, זנות און אלע מיאוסקייטען, ווי ס'איז אייך אויך בעוואוסט פון דער געשיכטע, און ביי אייך, וועלכע זענען נאך ניט אין ארץ ישראל, נע-ונד אין דער מדבר, און אויף יעדער שטיקעל לאנד, אויף יעדער טריט דארפט איהר מלחמה האלטען מיט סיחון, מיט „עוג מלך הבשן" און אנדערע זיבען אומות... און דאך איז ביי אייך דא שוהלען, בתי-מדרשים, אלע צרכי-צבור, אלערליי חברות, אלע זענען ניכטערע, אדענטליכע אין פאמיליען-לעבען — אז איך האב אייך פערגלייכט צו זיי, האב איך ניט ווילענדיג געמוזט זאגען: מה טובו אהליך, יעקב!

(ענדע קומט) א. ל לעווינסקי.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.